


# שטערן

ליטעראריש-
קינסטלערישער
און פּאָליטיש-
וויסנשאַפטלעכער
כוידעש-
זשורנאַל

4

מינסק — 1937

## אינהאלט



---

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ!

# שטערנ

№ 4 דרײַצנטער יאָרגאנג 1937 אפּרעל

אָרגאנ פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פונ ווססר

מיט 20 יאָר צוריק, דעמ 16 אפּרעל 1917 יאָר, איז קיינ פּעטראָגראד פונ עמיגראציע געקומענ צו פאָרנ **ווֹלאדימיר איליטש לעניג.**

דעמ 17 אפּרעל האָט **לעניג** פארעפנטלעכט זײַנע בארימטע „אפּרעל־טעזיסנ", וואָס זײַנענ געוואָרנ די פּראָגראמ פונ קאמפּ פאר דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע.

# די „אפּרעל־טעזיסנ"
# פונ וו. אי. לעניג

1. אינ אונדזער באציִונג צו דער מילכאָמע, וואָס מיצאד רוסלאנד פארבלײַבט זי אומבאדינגט אויכ בא דער נײַער רעגירונג פונ לוואָוו אונ קאָמפּ. א רויבערישע אימפּעריאליסטישע מילכאָמע, אדאנק דעמ קאפּיטאליסטישנ כאראקטער פונ דער דאָזיקער רעגירונג, זײַנענ ניט דערלאָזבאר אפילע די קלענסטע האנאָכעס דער „רעוואָליוציאָנערער באשיצלערײַ".

אפ א רעוואָליוציאָנערער מילכאָמע, וואָס בארעכטיקט ווירקלעכ די רעוואָליוציאָנערע באשיצלערײַ, קאָנ דער באוווסטזיניקער פּראָלעטאריאט געבנ זײַנ האסקאָמע נאָר בא דעמ באדינג: א) אז די מאכט זאָל אריבערגיינ אינ די הענט פונעמ פּראָלעטאריאט אונ פונ די אָרעמסטע טיילנ פונעמ פּויערטומ, וואָס שליסנ זיכ צו צו אימ אָנ; ב) אז מע זאָל זיכ אָפּזאָגנ פונ אלע אנעקסיעס אינדערעמעסנ, אונ ניט אפנ וואָרט; ג) אז מע זאָל אינדערעמעסנ אינגאנצנ צערײַסנ מיט אלע אינטערעסנ פונעמ קאפּיטאל.

צוליב דער אָנצווייפלדיקער געוויסנהאפטיקײַט פונ די ברייטע שיכטנ מאסנ־פאָרשטייער פונ דער רעוואָליוציאָנערער באשיצלערײַ, וואָס אנערקענענ די מילכאָמע נאָר אויס נויטווענדיקײַט, אונ ניט צוליב דעראָבערונג, ווײַל זיי ווערנ אָפּגענאַרט דורכ דער בורזשואזיע, דארפ מענ באזונדערס אויספירלעכ, אקשאָנעסדיק, געדולדיק דערקלערנ זיי זייער פעלער, דערקלערנ די ניט צערײַסבארע פארבינדונג צווישנ דעמ קאפּיטאל מיט דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע, דערווײַזנ, אז פארענדיקנ די מילכאָמע דורכ א עמעס־דעמאָקראטישנ, ניט קיינ גוואלד־טועריש‍נ, שאָלעמ קאָנ מענ ניט, אויב מע זאָל ניט אראָפּוואַרפנ דעמ קאפּיטאל.

אָרגאניזירנ די סאמע ברייטע פּראָפּאגאנדע פונ דעמ דאָזיקנ קוק אינ דער אָפּעראטיווער ארמײַ.

ברידערנ זיכ.

2. די אייגנארטיקייט פונעם לויפנדיקן מאָמענט אין רוסלאנד באשטייט אינעם איבערגאנג פונעם ערשטן עטאפ פון דער רעוואָלוציע, וואָס אדאנק דער ניט גענוגנדיקער באוווּסטזיניקייט און אָרגאניזירטקייט פונעם פראָלעטאריאט האָט ער געגעבן די מאכט דער בורזשואזיע — צו איר צווייטן עטאפ, וועלכער דארף געבן די מאכט אין די הענט פונעם פראָלעטאריאט און פון די אָרעמסטע שיכטן פונעם פויערטום.

דער דאָזיקער איבערגאנג ווערט כאראקטעריזירט, פון איין זייט, דורך דעם מאקסימום לעגאלקייט (רוסלאנד איז איצט דאָס פרייסטע לאנד אין דער וועלט פון אלע מילכאָמע־האלטנדיקע לענדער), פון דער אנדער זייט, דורך דעם, וואָס איבער די מאסן איז ניטאָ קיין גוואלט, און ענדלעך, דורך זייער צוטרוילעך־אומבאוווּסטזיניקער באציִונג צו דער רעגירונג פון די קאפיטאליסטן, די ערגסטע סאָנים פון שאָלעם און סאָציִאליזם.

די דאָזיקע אייגנארטיקייט פאָדערט פון אונדז, אז מיר זאָלן קאָנען זיך צופאסן צו די באזונדערע באדינגונגען פון פארטיי־ארבעט צווישן די אומדערהערט־בריטע, נאָרוואָס צום פאָליטישן לעבן אויפגעוואכטע מאסן פונעם פראָלעטאריאט.

3. קיין שום שטיצע דער צייטווייליקער רעגירונג, דערקלערן די פולע ליגנערישקייט פון אלע אירע צוזאָגן, באזונדערס בענעגייע דעם אָפּזאָג פון אנעקסיעס. דעמאסקירונג, אָנשטאָט דער ניט דערלאָזבארער „פאָדערונג", וואָס זייט אילוזיעס, אז די דאָזיקע רעגירונג, די רעגירונג פון קאפיטאליסטן, זאָל אויפהערן צו זיין אימפעריִאליסטיש.

4. אנערקענען דעם פאקט, אז אין דער מערהייט סאָוועטן פון ארבעטער־דעפוטאטן געפינט זיך אונדזער פארטיי אין א מינדערהייט, און דערווייל נאָך אין א שוואכער מינדערהייט, אנטקעגן דעם בלאָק פון אלע קליינבירגערלעכע, אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך אונטערגעגעבן דער ווירקונג פון דער בורזשואזיע און פירן דורך איר ווירקונג אפן פראָלעטאריאט, פון די פאָלק־סאָציִאליסטן, עסערן ביזן אָ.ק. (טשכעיִדזע, צערעטעלי און אנד.), סטעקלאָוון א.א.וו. א.א.וו.

דערקלערן די מאסן, אז סאָוועטן פון ארבעטער־דעפוטאטן זיינען די איינציקע מעגלעכע פאָרם פון א רעוואָלוציִאָנערער רעגירונג, און אז דעריבער קאָן אונדזער אויפגאבע, קאָלזמאן די דאָזיקע רעגירונג גיט זיך אונטער דער ווירקונג פון דער בורזשואזיע, זיין בלויז א געדולדיקע, סיסטעמאטישע, אקשאָנעסדיקע, זיך צופאסנדיקע באזונדערס צו די פראקטישע באדערפענישן פון די מאסן, דערקלערונג פון די פעלערן פון זייער טאקטיק.

קאָלזמאן מיר זיינען אין דער מינדערהייט, פירן מיר אן ארבעט פון קריטיק און פון קלאָר מאכן די פעלערן, פריידיקנדיק אין דער זעלבער צייט די נויטווענדיקייט פונעם איבערגאנג פון דער גאנצער מעלוכע־מאכט צו די סאָוועטן פון די ארבעטער־דעפוטאטן, קעדיי די מאסן זאָלן זיך דורך דער דערפארונג באפרייען פון זייערע טאָעסן.

5. ניט א פארלאמענטארישע רעפובליק, — אומקערן זיך צו איר פון די סאָוועטן פון ארבעטער־דעפוטאטן וואָלט געווען א טראָט צוריק, — נאָר א רעפובליק פון סאָוועטן פון ארבעטערשע, באטראקישע און פויערשע דעפוטאטן איבערן גאנצן לאנד, פון אונטן ביז אויבן.

באזײַטיקן די פּאָליציי, די ארמיי, דאָס באאמטנטום *).

דאָס געהאלט פון אלע באאמטע, וועלכע דאַרפן זײַן אלע געוויילטע און וועלכע מע זאָל קאָנען אראָפּזעצן צו יעדער צײַט, דארף זײַן ניט העכער פון א דורכשניטלעכן לוין פון א גוטן ארבעטער.

6. אין דער אגראר־פּראָגראם אריבערטראָגן דעם שווערפּונקט אף די סאָוועטן פון באטראקישע דעפּוטאטן.

קאָנפיסקירן אלע פּריצישע ערדן.

נאציאָנאליזירן אלע ערדן אין לאנד, די ערד איבערגעבן אין רעשוס פון די אָרטיקע סאָוועטן פון באטראקישע און פּויערשע דעפּוטאטן, אויסטיילן סאָוועטן פון דעפּוטאטן פון די אָרעמסטע פּויערים. שאפן פון יעדן גרעסערן גוט (אין דער גרייס אן ערעך פון 100 דעסיאטין ביז 300, לויט די אָרטיקע און איבעריקע באדינגונגען און לויט דער באשטימונג פון די אָרטיקע אנשטאלטן) א מוסטער־ווירטשאפט אונטערן קאָנטראָל פון די באטראקישע דעפּוטאטן און אפן געזעלשאפטלעכן כעזשבן.

7. צונויפגיסן טייקעף אלע בענק פון לאנד אין איין אלגעמיין־נאציאָנאלן באנק און אײַנפירן איבער אים א קאָנטראָל מיצאד דעם סאָוועט פון ארבעטער־דעפּוטאטן.

8. ניט די „אײַנפירונג“ פונעם סאָציאליזם, ווי אונדזער אומיטלבארע אופגאבע, נאָר דער באלדיקער אריבערגאנג בלויז צום קאָנטראָל מיצאד דעם סאָוועט פון ארבעטער־דעפּוטאטן איבער דער געזעלשאפטלעכער פּראָדוקציע און איבער דער פארטיילונג פון די פּראָדוקטן.

9. די פארטייִשע אופגאבעס:

א) א באלדיקן צוזאמענפאָר פון דער פארטיי;

ב) ענדערן די פּראָגראם פון דער פארטיי, דעריקער:

1) וועגן אימפּעריאליזם און אימפּעריאליסטישע מילכאָמע;

2) וועגן דער באציִונג צו דער מעלוכע און אונדזער פאָדערונג פון א „מעלוכע א קאָמונע“ **).

3) אויסבעסערן דעם אָפּגעשטאנענעם פּראָגראם־מינימום;

ג) ענדערן דעם נאָמען פון דער פארטיי ***).

10. די באנײַונג פונעם אינטערנאציאָנאל.

(ו. אי. לעניג—אלע ווערק. ב. XX. זײַטן 89—87).

*) ד. ה. פארבײַטן די שטענדיקע ארמיי אף אן אלגעמיינער באוואָפענונג פון פאָלק.

**) ד.ה. אזא מעלוכע, וואָס איר פארבילד האָט געגעבן די פאריזשער קאָמונע.

***) אָנשטאָט „סאָציאל־דעמאָקראטיע“, וואָס אירע אָפיציעלע פירער האָבן אין דער גאנצער וועלט פאראטן דעם סאָציאליזם, איבערגייענדיק צו דער בורזשואזיע (די „באשיצלער“ און די וואקלדיקע „קאוטסקיאנער“), דארף מען זיך אָנרופן קאָמוניסטישע פארטיי.

נויעכ לוריע

# עליע יאָרש

ערשטער קאפיטל

## אינ יאָכ

דאָס איז די געשיכטע פונ עליע יאָרש.

ער איז געבוירנ געוואָרנ אינ אנ אלטער יידישער קאָלאָניע בא א שטילינק טייכל אינ סטעפ. דאָרט איז ער אויסגעוואקסנ, דאָרטנ לעבט ער ביזנ היינטיקנ טאָג.

דריטאלבנ דעסיאטינ ערד האָט דער פאָטער זיינער, מייער יאָרש, פארמאָגט און איז קיינמאָל ניט אימשטאנד געווענ זיי אליינ צעאקערנ און פארזייענ. פונ יאָר פלעגט ער זיי מוזנ אָפּגעבנ פאר גראָשנס אמאָל צו די זשוקעס, אמאָל צו די פרי־מאקעס, באלעגופים אינ דער קאָלאָניע, און אליינ נאָכדעם גיינ ארבעטנ צו זיי טאקע און צווישנ אנדערע באדינגענ אויכ זיינע דריטאלבנ דעסיאטינ, א באסטראק בא זיינ אייגענער ערד.

אז עליק איז צום ערשטנ מאָל אוועק זיכ פארדינגענ, איז ער אלט געווענ קוים צענ יאָר.

— וואָס זאָל מענ טאָנ—האָט זיכ מייער יאָרש.פארענט ערט פארנ יינגל—וואָלסט אוואדע באדארפט לערנענ נאָכ א פאָר זמאנים. נאָר וואָס זאָל מענ טאָנ. זעסט דאָכ אליינ.

ס'איז געווענ סאָפּ ווינטער. די טעלעצע האָט זיכ געדארפט איינגיכנ קעלבנ. די גאנצע שטוב מיט די פינפ מיילער קליינווארג האָט אויסגעקוקט אפ דער געשעעניש. נאָכ הארבסט האָט מענ בא מוישע־ארנ פרימאקנ גענומענ צוואנציק פוד קאָרנ, און ער האָט ניט אופגעהערט צו דערמאָנענ:

— האָסט גענומענ, באצאָל.

— האָסט גענומענ אפ צוויי כאראָשימ, און ס'איז שוינ אריבער פיר.

— האָסט ניט קיינ געלט, פארקויפ די טעלעצע און באצאָל.

בעט זיכ מייער יאָרש:

— איר פארשטייט דאָכ אליינ, רעב מוישע־ארנ, אינ עטלעכע וואָכנ ארום ווערט זי, קיינ גוט אויג, א בעהיימע, פאר די קינדער א קאפ מילכ.

ווערט מוישע־ארנ בייז:

— פונ מיינ גוטס ווילסטו האָדעווענ דיינע קינדער מיט מילכ?

אזוי בא איטלעכער באגעגעניש:

— איינמאָל פאר אלעמאָל באצאָל. פארקויף די טעלעצע און באצאָל. האָסט גענומען—באצאָל.

נאָר די אָרעמע ייִדן האָט זיך זייער ניט געגלוסט ארויסלאָזן פון שטוב די איינציקע האָפענונג. בא א לעצטער קריג האָט מוישע־ארן געמאָלדן:

— זאָלט איר וויסן זייַן, מייַנס וועל איך אָפּנעמען אזוי אָדער אנדערש, מאָרגן קום איך צו אייַך עסן פאר, מייַן כויוו...

יאָרש האָט אויסגעהערט די ווערטער און פון זיי קיין גרויסן וועזן ניט גע־מאכט.

ווי צעמישט זייַנען אָבער די מענטשן געוואָרן, אז אפמאָרגן אינדערפרי עפנט זיך די טיר, און פרימאק שטעלט זיך אריַין. דאָס איז געווען א הויכער, א שמאָ־לער, אביסל אן איַינגעבויגענער פארשוין, מיט א לאנגער נאָז, מיט א שיטער בערדל, מיט א כויזעק־שמייכעלע פון אונטער דער נאָז איַין בערדל אריַין. ער איז אריַין, ווי א באלעבאָס, צופרידן רייַבנדיק זיך די הענט, און וויל אופגעראָמט אויס־געראפן:

— נו, כייַע־ריווקע, מאכ מיר אן איבערבייַסן, אָבער טאקע דעם גוטן איבער־בייַסן, נישקאָשע דער כויוו וועט פארטראָגן.

אזא וויכטיקער גאסט איז נאָך די שוועל פון דער אָרעמער שטוב קיינמאָל ניט אריבערגעטראָטן. א דערשראָקענע האָט כייַע־ריווקע געגרייט צום טיש, איבערגעדעקט א ברעג מיט א טישטעכל, ארופגעשטעלט ברויט און זאלצ. מוישע־ארן איז אוועק וואשן די הענט און געשריִען:

„אי־אָ!“... מע זאָל אים געבן א האנטעך. ער האָט ניט געהאט קיין געדולד. ער האָט געיאָגט:

— מאכט עס גיכער! וואָס געדויערט עס אזוי לאנג?

כייַע־ריווקע האָט געייַלט, ווי זי האָט געקאָנט. געלאָפן צו שכיינים לייַען א דרייַ אייער, א ברעקל פוטער. דער גאסט האָט געגעסן מיט אפעטיט.

— סמעטענע!—האָט ער אויסגערופן—איך האָב ליב אביסל סמעטענע צום פאר־בייַסן.

און כייַע־ריווקע איז ווייַטער געלאָפן קריגן, וואָס ער האָט פארלאנגט.

אָפּגעגעסן, האָט ער אויסגעווישט דאָס מויל, אָפּגעטרייסלט די ברעקלעך פון דער באָרד, אָפּגעבענטשט און אופגעשטאנען פון טיש.

שוין מיט דער טיר־קליאמקע אין דער האנט, האָט ער אָנגעוואָגט:

— צו ווארעמס גרייט צו עפעס רעכטס. זשאלעווע ניט, נישקאָשע, דער כויוו וועט פארטראָגן.

ער איז געקומען, איז פונקט די מישפּאָכע געזעסן באם שיסל קארטאָפליעס, דאָס עסן האָט זיי גענומען פאלן פון די הענט.

— נו, וואָס'טו דאָרטן געמאכט? — האָט מוישע־ארן אויסגעשריִען — אן אָפּ צי אן עסיק־פלייש?

כייַע־ריווקע האָט גאָרניט געמאכט. זי האָט ניט געגלויבט, אז ער וועט נאָכאמאָל קומען. איצט האָט זי ארויסגערופן דעם מאן אין פירהויז זיך האלטן אן אייצע:

— וואָס טוט מען? וואָס גיט מען אים?

פון איינ זײַט איז ער פאָרט אזױיוי עפּעס א גאסט, דערצו אנ אָנגעזעענער באַ־לעבאָס, וואָס מע מוז צו אים אָנקומענ. נאָר וואָס מיינט ער מיטנ עסנ — ס'איז כויזעק, צי ערנסט?

— נו, — האָט מענ פונ שטוב געהערט זײַנ קאָל — ס'וועט נאָכ געדויערנ לאנג?

כײַע־ריווקע האָט ארײַנגעקוקט: „באלד, באלד“... „נאָר וואָס וועט זײַנ באלד, האָט זי אליינ ניט געוווּסט. זי איז ווידער געלאָפנ צו די שכיינים, זיי זאָלנ איר ארויסהעלפנ.

זי האָט גאָרניט געקאָנט פארשאפנ אכוץ נאָכאמאָל עטלעכע אייער, וועלכע זי האָט דערלאנגט דעם ווארטנדיקנ גאסט מיט א היפּשער פארשפּעטיקונג. ער האָט בעגעסנ אונ געוואָרטשעט:

— אָט דאָס הייסט בא דיר ווארמעס? מער זאָלסטו מיכ מיט אזױנע ווארמעסנ ניט האָדעווענ. נישקאָשע, פאר מײַנ כויוו מעג איכ זיכ פארגינענ עפּעס רעכטס...

אוועקגייענדיק האָט ער געמאָלדנ:

— הײַנט, זע איכ, האָסטו זיכ אפּ מיר ניט געריכט. נאָר מאָרגנ זאָל מיר זײַנ אלצ אָנגעגרייט פונעמ בעסטנ. וואָס ס'וועט קאָסטנ, פארשרײַב אפנ כויוו. דעמ כעזשבנ וועסטו מיר ווײַזנ...

אז מוישע־ארנ איז אוועק, האָבנ זיכ מאנ אונ ווײַב א היפּשע ווײַלע אָנגעקוקט צעמישט אונ שטומ.

— ער וועט קומענ אלע טאָג — האָט כײַע־ריווקע געזאָגט מיט שרעק.

— ער וועט ניט אָפּלאָזנ — האָט מייער באשטעטיקט.

— אז ער איז ארײַנ, איז ווי איכ וואָלט דערזענ דעמ מאלעכאמאָוועס.

— דער מאלעכאמאָוועס מעג אימ נעמענ, — האָט מייער אָפּגעווענדט דעמ ניט גוסנ פונ זײַנ שטוב.

— וואָס זשע טוט מענ?

— פארקויפנ די טעלעצע אונ פאָטער ווערנ. פארקויפנ דאָס לעצטע פונ שטוב, אבי מער ניט אָנקוקנ זײַנ פּאָנעמ.

עליק איז געווענ דערבײַ. ער האָט אלצ געזענ אונ געהערט. פרילינג איז ער אוועק באטראקעווענ טאקע צו דעמ דאָזיקנ מוישע־ארנ פרימאק.

מוישע־ארנ פרימאק האָט געהאט א זונדל — הילע האָט ער געהייסנ. הייסע אר־בעט־צײַט פאָרט ער ארויס איניינעמ מיט עליקנ אפּ צוויי הארבעס אינ סטעפּ. סאָפּ טאָג קומט מענ צוריק. הילע לאָזט פאלנ די לייצעס אונ גייט עסנ. עליק מוז פריִער אויסשפּאנענביידע פורנ, פארמישנ פאר ביידע פאָר פערד, לייגנ אפנ אָרט ביידנס געשיר, ערשט נאָכדעמ גייט ער צומ טיש, ווו מע טראָגט אימ צו עפּעס פונ די רעשטלעכ. קאלט אונ אָנ טאמ.

— וויפל צאָלט דיר דער טאטע מײַנער? — האָט הילע בא עליקנ איינמאָל א פרעג געטאָנ, שפּאנענדיק צוזאמענ נאָכ די פולע פורנ.

— צענ קערבלעכ דעמ סעזאָנ.

— אונ איכ ארבעט אומזיסט — האָט דעמ באלעבאָס זונדל זיכ באקלאָגט.

פרימאק האָט געהאט א טעכטערל — ראָזקע, די עלטסטע פונ זײַנע קינדער, שטארק ענלעכ אפנ פאָטער אירנ — מיט זײַנ לאנגער נאָז, נאָר אָנ זײַנ שבײַכעלע. זומער,

מאכט זיך, פאלט ארויס א רעגן. די באטראקעס זיצן אינדערהיים. גייט זי אום צעטראָגן, שיפּעט אזש:

— מע כאָליעט אין שטוב, און פרעסן פרעסט מען נאָך מער, ווי אין אן אַרבעטס־טאָג.

און זי נעמט אויסטראכטן:

— עליק, ברענג ארייַן א פּאָר עמער וואסער!

— כאסקל, טראָג אריבער די שטיינער פון פארקן צום קעלער.

עליק שווייַגט און טראָגט, וואָס מע זאָל ניט ארופלייגן אפ אים. ער איז ניט פון די, וואָס ריידן אָנטקעגן. אין א פרייַער שאָ נעמען זיך די באטראקעס צונויפ, לאכן צווישן זיך, שארפן די צינגער וועגן מיידלעך, באריידן די באלעבאטים. עליק מישט זיך ניט אריין. ער איז נאָך קליין און איז ערנסט מער, ווי די עלטערע. א פארשטויבטער, א פארסמאליעטער פון זון, זעט ער זיך קימאט ניט אָן אין א קאָמפאניע. נאָר ער איז דאָ. ער הערט, די אויגן זייַנען אים אָפן, זאפן אייַן, ווי ער וואָלט צוליב עפּעס וועלן אלץ פארגעדענקען—טיפ אין זיך, אפ שפּעטער מיט אסאך יאָרן.

עליק האָט געדינט בא פרימאקן, און דער טאטע זייַנער בא איסער זשוקן. אין סטעפּ, אין וועג באגעגנט מען זיך מיט די פורן, שטעלט מען זיך אָפּ א ווייַל, מע גיט זיך איבער א שטיקל ברויט, א פארקילטע לאטקע, אמאָל א הויפן ווייַנשל, צי א פּאָר פלאָמען, און מע צעפּאָרט זיך איטלעכער אין זייַן זייַט.

מוישע־ארן פרימאק איז געווען דער סאמע אייַנגעפונדעוועטער באלעגופ אין דער קאָלאָניע. א כיטרער, אן אייַנגעשפּארטער, מיט א שטענדיקן כויזעק־שמייכעלע אונטער דער לאנגער נאָז, האָט ער געהאלטן נאָר פון די זאכן, וואָס מע קאָן זיי וועגן און ציילן. ער איז געגאנגען אָנגעטאָן אין אן אויסגעריבענעם קאפּטן, אין אן אָפּגעניצעוועטן קארטוז, איז ארויסגעפּאָרן אפ א פּראָסטן שפּאן, נאָר מ'האָט געוווסט, אז ער איז אָנגעשטאָפּט מיט גוטס.

די זשוקעס ווידער זייַנען געווען שטארק מיט זייער ברייט־פארצווייַגטער מישפּאָכע, וואָס האָט זיך געהאלטן פעסט געקניפּט צווישן זיך. פאר די שטיבער האָבן זיי געבויט געשניצטע גאנעקעס. ווינטער האָבן זיי געטראָגן גרויסע פעלצן מיט ריזיק־ברייטע קאָלנערס, זייַנען ארויסגעפּאָרן אפ טשאקנדיקע בריטשקעלעך, אפ געפארבטע שליטנס, אייַנגעשפּאנט אין זיי טייַערע פערד, אין וועג שטענדיק פארלאָפן פּאָרויס פאר אלעמען. בא א קריג טייקעפּ געשטעקט פעטש. אלע זייַנען זיי איינע אין איינע געווען היציקע, אזעסדיקע, גרויסהאלטער און ביטערע שלעגער.

יאָנטעוו גייט מייער מיטן עלטערן זון אין שול אריין. מע שטייט הינטן בא דער טיר. פאר מוסעפ הויבט זיך אָן אן אמפּערניש. איסער זשוק טוט ברייטלעך א זאָג:

— ר' שימען, גייט שטעלט זיך צום אָמעד.

רופט זיך אָן מוישע־ארן געלאסן:

— ר' שימען איז עפּעס הייזעריק.

דער זשוק ווערט צעטומלט א ווייַל:

— וואָס עפּעס הייזעריק, ווען איז ער עס געוואָרן הייזעריק?

נאָר באלד כאפּט ער זיך, אז יענער מאכט כויזעק, און שנייַדט אָפּ:

— ס'געפעלט אייַך ניט, וועט איר ניט ענטפערן קיין אָמיין.

— אז ער איז פאָרט הייזעריק.

— זיצט אונ מישט זיכ ניט.

— זאָל דאוונענ ר' זאלמענ־איצע...

— אונ איכ הייס דיר, זאלמענ־איצע, גלײַכער זיכ ניט רוקנ — הויבט אָנ דער זשוק זיכ צו היצנ—גייט צומ אָמעד, ר' שימענ!

אקשאָנעסדיק אונ מיט א כויזעקל, ווי אומיסטנ אפ אופצורייצנ, כאזערט זיכ מוישע־ארנ זײַנמ:

— זאָל דאוונענ ר' זאלמענ־איצע.

— זאָל דאוונענ ר' זאלמענ־איצע..

די ביידע באלטפילעס שטייענ אָנגעגרייט די קיילעס, קנייטשנ זיכ, כיינדלענ זיכ, בלאָזנ זיכ אונ ווארטנ. די קריג צעשפילט זיכ, ס'הייבנ זיכ אָנ ווערטלעכ פונ דעמ זשוקס מישפּאָכע אונ פונ פרימאקס צאד, אונ אכאָל דערגייט דערצו, אז, ווי מע שטייט אינ די טאלייסימ, הויבט מענ אָנ ארײַנפּאָרנ איינע די אנדערע מיט די פויסטנ אינ די נעזער.

— א, ברענענ זיי אלע אפ איינ פײַער!—שפּײַט אויס דעמלט מייער יאָרש, זופט אפגיכ אָפּ דעמ רעשט דאוונענ אונ פארנעמט זיכ אהיימ.

סימכעס־טוירע האָט מענ, ווי דער שטייגער, גענומענ אינ שול דעמ בריינטנ טרונק ווײַנ. אפנ כעזשבנ פונ די באלעבאטימ האָבנ א לעק געטאָנ אויכ די לײַט פונ אונטער דער בימע: האלבע שוסטער, פערטל שנײַדער, וואסער־פירער, באטראקעס. פענעמער זײַנענ געוואָרנ רויט, קוילעס האָבנ געדונערט ביז אונטער דער סטעליע, הענט איבער אקסלענ האָבנ זיכ געפלאָכטנ אינ טענצ. ייִדנ מיט אופגעהויבענע גלעזער, מיט אָנגעגאָסענע אויגנ האָבנ געשריִענ עפּעס ווינטשעניש, וואָס קיינער האָט זיי ניט געוואָלט הערנ. איינער אפנ טיש האָט געגוואלדעוועט:

ניטאָ אזא גאָט, ווי אונדזער גאָט!

איינ קעלעהיינו!!...

אינ ברענ פונ דער הוליאנקע, אינ גרויסנ געפילדער האָט עמעצער פונ די זשורקעס מיט עמעצנ פונ פרימאקס צאד זיכ פאר עפּעס צעבוצקעט. אוילעמ האָט געזונגענ, געהעפּעט, געהויבנ קויסעס, אונ אינדערמיט זײַנענ שוינ געפאלנ קלעפּ, אונ נעזער האָבנ געבלוטיקט. אינ דער שטיקעניש כאפּט איינער אנ אומגעריכטנ זעצ, קוקט זיכ ארומ אונ לייגט זיכ ארײַנ אינ געשלעג. אזוי האָט זיכ עס געברייטערט. ברידער, שוואָגערס, גלידשוועסטערקינדער אונ זײַטיקע האָבנ זיכ ארײַנגעצויגנ. א פלאָנטער, א געשטויס, דורכ דער ענגשאפט שטופּנ זיכ הענט פונ איינ צאד צו קעפּ פונעמ צווייטנ צאד.

פאר היצ אונ קוראזש האָט זיכ דעמ אוילעמ פונ אונטער דער בימע אויסגעוויזנ, אז זיי טאָרנ ניט אָפּשטיינ פונ זייערע באלעבאטימ. פריילעכ פונ ווײַנ אונ דערפונ, וואָס מע קאָנ געבנ קלעפּ די, וואָס מע בויגט פאר זיי שטענדיק דעמ רוקנ, האָט מענ זיכ צעפּאָכט מיט די ביינערדיקע פויסטנ.

— דערלאנג, דערלאנג, קלײַב ניט איבער!—האָט א לוסטיקער יונג אונטערגעגעבנ כיישעק דער כעוורע,— הײַנט איז יאָנטעוו, מאָרגנ איז אויס!— אונ אליינ געקנאקט אפ רעכטס אונ אפ לינקס, וועמענ ס'האָט זיכ געמאכט.

אויכ עליק און מייער יאָרש האָבנ אָנטיילגענומענ אינ דער סימכע, איינער האָט געשטורכעט דעם צווייטנס צאַד, אזש מ׳האָט זיכ באַנאָסנ מיט א שוויס.

אהיים איז מענ געגאַנגענ שטארק אופגעראָמט, די גאַנצע קאַבצאַרניע צוזאמענ. מע האָט גערעדט הילכיק, געקלונגענ איבער דער גאַס. איינער פארנ אנדערנ האָט זיכ באַרימט:

— אוי, בינ איכ דייַנעם פארפאָרנ אונטערנ לעפעלע, ער האָט פארגלאָצט די אויגנ, ווי א כסידישער רעבע.

— דייַנער האָט זיכ בא מיר אויכ ניט גענארט. כ׳האָב אים ארייַנגעלייגט א כמאל אונטערנ אויער...

דער שטענדיק־צוגעשלאָגענער מייער יאָרש האָט גייענדיק געמאַכט מיט די הענט און געזונגענ א ניגנדל. ס׳איז געווענ זייַנ ערשטער טרונק. דער קאָפּ האָט זיכ אים געדרייט, און די שטיבלעכ פאר די אויגנ האָבנ זיכ אים געהוידעט, און עפּעס אנ אויסערגעוויינלעכער ניט־געוועזענער הימל האָט ארומגענומענ די קאָלאָניע. ווייַט אפנ וועג איז געשטאַנענ א ברוינ־ווייַס געפלעקט קעלבל, איז עס אויסגעקומענ צו אָט דעם הימל מיטנ קאָפּ אראָפּ... גוט, וווּנדער!

און אפ מאָרגנ האָט מענ זיי ביידנ ארויסגעטריבנ פונ די שטעלעס מיט כארפּע: מייערנ פאר זייַנ בענס אזעס און עליקנ פאר זייַנ טאַטנס זינד. די רעגנדיקע וואָכנ נאָכדעם איז מענ געגאַנגענ מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ.

דעם ווינטער האָט מענ דורכגעשטופּט, ווי עס האָט זיכ געלאָזט. מייער האָט געלאַטעט שיכ צוביסלעכ, עליק האָט געארבעט בא דער מיל. קעגנ זומער איז ער ווידער אָנגעקומענ צו מוישע־ארנ פרימאקנ. אומעטום האָט ער זייַנ ארבעט געטאָנ ערלעכ, געדינט געטרייַ, דאָכ אייַנקויפנ זיכ בא די באַלעבאַטים מיט כעסירעלעכ, מיט כניפעלעכ איז ניט געווענ זייַנ גאַנג.

בא דעם זעלבנ מוישע־ארנ פרימאק איז געווענ נאָכ א באַטראַק כאַסקל שנאָל — א ווּקסיקער, געשיקטער יונג מיט קאַשטאַנאָווע האָר און רויט־אָנגעגאָסענע באַקנ. ער איז געווענ מיט עליקנ אינ איינע יאָרנ, נאָר זיכ געהאַלטנ געניטער פונ אים און אָפּטמאָל גרינג פונ אים אָפּגעשפּעט, כאָטש זיי זייַנענ געווענ צווישנ זיכ גוטע ברידער. כאַסקל פלעגט ניט זעלטנ אראָפּכאַפּנ בא די פערד א מעסטל האָבער אָדער גערשטנ, געטאָנ עס אָפּנ פאר עליקנ אינ די אויגנ, געוווּסט, אז ער וועט שווייַגנ, כאָטש יענער האָט קיינמאָל ניט אָנגערירט קיינ לויט.

— אוי, ביסטו א כניאָק! — פלעגט כאַסקל פונ אים לאַכנ.

עליק ענטפערט געוויינלעכ גאָרניט, אמאָל נאָר מורמלט ער אויס:

— א שטומע צונג. האָרעוועט מער פונ מיר. בא ווּעמענ וועל איכ נעמענ...

אזוי זייַנענ געגאַנגענ די יאָרנ — אינ שווערער מי, אונטער שטענדיקנ יאָכ. פונ א קינד איז ער שוינ געוואָרנ א באָכער מיט טונקעלע הערעלעכ אפ דער ליפּ און ארומ קינ. אינ די ליידיקערע טעג האָט אנ אומרו געבורעט אינ לייַב, איבערהויפּט אינ דעם אָ נייַנצנטנ הארבסט פונ זייַנ לעבנ. ס׳איז אריבער די אָנגעשטרענגטע ארבעטצייַט, די היצנ האָבנ זיכ געשטילט, נאָר ס׳איז נאָכ אלץ געווענ ווארעם און שיינ, און דיביימער אינ סאָד זייַנענ געדיכט אָנגעפיקעוועט געווענ מיט רויטע און געלבלעכע עפל, וואָס האָבנ פארשמעקט די לופט. אָט די עפל־רייכעס און די גלעטנדיקע

וואָרעמקייט פון דער האַרבסטיקער זון, און דער ווינט אין סטעפּ, אַלץ אינאיינעם האָט זיך אַזוי ווי אונטערגענומען אים איינצורעדן איינס: „באַלד, באַלד קומט זי צו דיר יענע, וואָס דיר פעלט. אָן דאָרט לויפט זי, אָן דאָרט אינעם געקווייטלטן בלוקעלע, אָן נאָך יענער רויטער קו, אָט־אָט ווייזט זי זיך אויפן וועג, באַלד נאָך דעם אָ באַרג אַרויף, הינטער אָט דעם סטויג"...

ביז אַהער האָט עליק סטיסיען אַזוי ווי ניט באַמערקט. דעם פאַרנאַכט, אַז ער איז געקומען פון סטעפּ און דערזען פון ווייטן, ווי זי שטייט אָנגעשפּאַרט מיט אַן אַקסל אָן פּאַרקן און קוקט אַרויס אויפן וועג, האָט עס אים אַזאַ ריס געטאָן צו איר, ער איז אַזש צעמישט געוואָרן. נעענטער איז אים קלאָר געוואָרן, אַז זי וויינט, און ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיין ניט געצוימטן פאַרלאַנג.

— וואָס איז דיר, סטיסיע?—האָט ער געפרעגט.

זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אָפּגעקערט דאָס פּנים און פאַרביסן אַ ליפּ. כליפּענדיק האָט זי דערציילט:

— כ'האָב ניט ווי מע דאַרף אַ שטעל געטאָן דאָס פענדל מיט דער מילך און אַבי־סל איבערגעקערט, האָט זי מיר דערלאַנגט אַזאַ קניפּ, אָט די צוויג, די ראָזקע זייערע...

און זי האָט פאַרקאַטשעט דעם אַרבל און געוויזן:

— אָ!..

הויך אויף דער האַנט איז אַ שטיק לייב געווען בלוי, אַזש שוואַרץ.

עליק האָט געשוויגן. אים איז באַקאַנט געווען דער געפיל שוין פון אַסאַך מאָל פריער, פון די קלענסטע קינדער־יאָרן אָן: דאָס האַרץ גליט, סע וואַרגט, נאָר גע־פינסט ניט קיין וואָרט, קיין באַוועגונג, ביסט געפּענטעט, ליגסט אין דער ערד. ער איז ווי געבוירן געוואָרן מיט אָט דעם ביטערן באַוווסטזיין. עליק איז געשטאַ־נען צערודערט און שטום, ניט מער צום באַקאַנטן ווייל איז צוגעקומען אַן אומבאַ־קאַנטע וואָרעמקייט. ער האָט אַ גלעט געטאָן איר אָפּגעדעקטע האַנט נידעריקער פונעם פינצטערן צייכן, און דאָס מיידל האָט אויפגעשיינט דערפון און באַשאָנקען אים מיט אַ דאַנקבאַרן וואָרעמען בליק.

אָט די קליינע געשעעניש האָט זיי מיטאַמאָל דערנענטערט. פאַרנאַכט־צו איז סטיסיע אָפט אַרויסגעגאַנגען אויפן וועג מיטן קינד אויף די הענט צו זען, עפּשער פאָרט שוין אָן עליק פון סטעפּ. זי האָט אַכטונג געגעבן אויף דעם עסן פאַר אים, סע זאָל ניט קאַלט ווערן. אַז קיינער האָט ניט באַמערקט, האָט זי אים צוגעטראָגן אַ בעסערן ביסן פון די זאַכן, וואָס די באַלעבאָסטע פלעגט אויסבאַהאַלטן פון די מענטשן. אינאָוונט פלעגט מען זיך אַרויסכאַפּן אויף אַ פּערטל שעה און שטיין אינאיינעם אינדערפינצטער—הינטערן פּאַרקן, צי אין עק גאָרטן, צי לעבן דעם שטאַל. זי פלעגט אים שטיל אויסדערציילן אַלץ פאַרן טאָג, און ער האָט געהאַלטן אירע הענט. זינט ס'האָט זיך אָנגעהויבן אָט די פריינטשאַפט מיט סטיסיען, איז עליקן אַסאַך גרינגער געוואָרן, און דער אומרו אין זיין בלוט האָט זיך אַזוי ווי געלייגט.

הילע איז געווען פון יענע געזונט־אויסגעוואָקסענע גאָר ניט איבערגעשפּיצטע דאָרפישע באָכערים, וואָס האָבן פונדעסטוועגן פאַר זיך געגנוג סייכל.

עסנ האָט ער-ליב געהאט אָפגעזונדערט אליינ, ניט געקאָנט פארטראָגנ דערבײַ קיינ פרעמד אויג. אינ סטעפ פארוקט ער זיכ אונטער א סטערטע, אונטער א וואָגנ און נעמט זיכ פאקנ, קײַענדיק מיט פולנ מויל, די פויסט מיטנ שטיק מײַכל בייס־מײַסע פארבאהאלטנ אינ דער טאָרבע. טאָמער ווײַזט זיכ עמעצער פונ די באטראַקעס אינ אזא מינוט, ווערט ער אזש רויט פאר קאעס און שרײַט:

— וואָס דארפסטו, וואָס? וואָס קוקסטו, וואָס?

די גרעסטע שרעק זײַנע איז געווענ, מע זאָל אימ ניט באגאנווענענ. דאָס בײַטעלע מיטנ אָפגעשפאָרטנ געלט האָט ער פארנ שלאָפ באהאלטנ אלעמאָל אפ אנ אנדער אָרט: אינ א באלקנ־שפארונע, אונטער א ברעט אינ פאָל, אונטערנ קישנ אפנ געלעגער, אונטערנ העמד אפנ האלדז, און אלצ זיכ ניט געקאָנט בארויִקנ.

סאָרע־איידל, מוישע־ארנס ווײַב, די מוטער היליעס, האָט לאנגע יאָרנ געליטנ אפ עפעס א פרויענ־שלאפקײַט. סאָפקאָלסאָפ איז זי געפאָרנ אינ שטאָט ארײַנ צו א דאָקטער. געקומענ צוריק, האָט זי דערציילט, וואָס מ׳האָט איר אָנגעזאָגט: זיכ ניט בויגנ, גיכ ניט גיינ, ניט הויבנ קיינ שווערע זאכנ. היליע האָט עס אויסגעהערט און זינט דעמלט גענומענ זיכ אָפהיטנ—גיכ ניט גיינ, ניט הויבנ קיינ שווערע זאכנ.

דאָס טײַכל צווישנ אָטשערעט ליגט שטיל, ניט צו מערקנ אפנ אויבערפלאכ קיינ באוועגונג. דער שליימיקער גרונט זעט זיכ ניט דורכנ וואסער. היליע שטייט א נאַקעטער אפנ ברעג. כאסקל שווימט, קוליעט זיכ, פאָרשקעט, און היליע בעט זיכ בא אימ:

— שטעל זיכ צו, ס׳איז טיפ? שטעל זיכ צו.

יענער בויגט אומיסטנ אונטער די קני, לאָזט זיכ אראָפ ביז העכער דער נאָז, כאָטש דאָס וואסער אפ דעמ אָרט דערגרייכט קוימ ביז אונטער די פאכוועס.

— און אָט דאָ נעענטער?—בעט זיכ היליע.

סײַווי אומעטום איז געפערלעכ טיפ, נט מעגלעכ זיכ שטעלנ אפ די פיס. היליע פארשטייט ניט:

— אמײַ נעכטנ איז דאָ געווענ נאָר ביזנ פופיק?

— מיסטאָמע, איז אָנגעלאָפנ איבער דער נאכט.

— ס׳איז דאָכ ניט געווענ קיינ רעגנ?

— עפשער איז געווענ ערגעצ אנדערש. איכ וויים? און פארוואָס זאָלסטו זיכ ניט אויסלערנענ שווימענ?

— אזוי? אלע שווימער ווערנ דערטרונקענ. די מאמע זאָגט.

נאָר אָט איז עליק געקומענ זיכ באָדנ. ער וויים ניט פונ קיינ כאָכמעס, ער גייט ארײַנ אינ וואסער, און היליע מאכט פאָרזיכטיק א פאָר טריט נאָכ אימ, האלט זיכ נאָענט צומ ברעג, פאליוסקעט זיכ, שטייט און קוקט. נאָכ יונגענ זײַנענ אָנגעקומענ, ס׳איז געוואָרנ פריילעכ.

מיטאמאָל האָבנ היליענ די אויגנ גענומענ וואקסנ, מאמעש ארויסקריכנ פונ די לעכער פאר שרעק. ער האָט דערזענ א נאָטער *) שווימענ פונעמ צווייטנ ברעג צו אימ צו. דאָס קעפל האָט געשטעקט העכער דעמ וואסער, און דער לאנגער דינער גופ האָט זיכ נאָכאנאנד כוואליעדיק באוועגט, גאנצ גיכ זיכ געשופט פאָרויס.

*) נאָטער—Уж.

— א שלאנג, א שלאנג! אנטלויפט!—האָבן די יונגען געשריִען צו הילען, און אליין דערביַי, צו זיַין גרויס ווּנדער, לוסטיק געלאכט.

קיין גרויסער העלד איז ער ניט געווען, דערפאר האָט ער זיך ניט אופגעהערט צו טשעפּען צו די שניטערנס אין פעלד, צו באגעגנטע אפ די וועגן, אבי קיינער זאָל ניט זען. פאר אן אויג האָט ער געציטערט. נאָר אזא מאזל האָט ער געהאט—אלע מיידלעך האָבן אים געטריבן פון זיך, ווי א זלידנע פליג.

סטיסיען האָט ער באמערקט באלד אין דעם טאָג, ווי זי איז אריַין צו זיי אין שטוב.

— הי, הי...—האָט ער איר פארשטעלט דעם וועג אין הויף און אויסגעשטרעקט די פוכקע פינגער צו איר בוזעם. זי האָט זיך בייז אויסגעדרייט פון אים, נאָר אָפּגעשוויגן, וויל געדענקט, אז ער איז דעם באלעבאָס זון. הילע האָט ניט אויסגעמיטן קיין איין געלעגנהייט אויג אפ אויג, ער זאָל זיך צו איר ניט טשעפּען. זי האָט אים אלץ אזוי שוויַיגנדיק אָפּגעשטויסן. איצט, אז ער איז געווירע געוואָרן וועגן אירע באגעגענישן מיט עליקן, האָט ער אָנגעהויבן צו איר צושטיין אלץ פרעכער, מיט גראָבע אָנצוהערענישן, אז ער ווייסט אלץ, מיט קאעס, אלעמיַי עליק איז בא איר בילכער.

שטייענדיק מיט עליקן אינדערפינצטער, הינטערן קלעער, האָט זיך סטיסיע שטיל פאר אים באקלאָגט:

— וואָס טוט מען מיט אים? איך קאָן פון אים ניט לעבן...

אזוי אָוונט אין אָוונט.

— איך קאָן פון אים ניט לעבן. סיַידן אוועקגיין אהיים...

ס'איז געווען טיפער הארבסט, קורצע טעג, בלאָטיקע גאס. דער וואסערפירער איז אליין מיט זיַינע קויכעס שוין ניט אימשטאנד געווען באזאָרגן אלע זיַינע קונדן. סטיסיע האָט איבערגערעדט מיטן פאָטער, ער האָט זי אָפּגעבעטן בא די באלעבאָסים, און זיי האָבן זי אָפּגעלאָזט.

ס'איז אָנגעקומען א ציַיט פון ווינטן און שנייען. סטיסיע און עליק האָבן זיך איצט זעלטן וועז געזען, און זייערע באגעגענישן זיַינען געווען קורצע און אומעטיקע. אין דער אוראלטערווילדערניש פון די ווינטערדיקע טעג און נעכט אין דאָרף, איַינהערנדיק זיך, ווי די זאווערוכע קלאָגט הינטער די ווענט, האָבן זיי איניינעם מיט דער ערד, באהאלטן אין זיך, געוואַרט אפ פרילינג און זון.

זיי האָבן זיך געזען אין איינעם פון די ערשטע פייסעך־טעג. דאוונען־שאָ צום לייענען איז עליק ארויס פון שול און אוועק צו סטיסיען. זי האָט שוין ווידער געדינט בא איינער א באלעבאָסטע. ער האָט זי דערזען פון וויַיטן שטיין אינדרויסן פאר דער שטוב, ווי זי וואָלט אויסקוקן אפ אים. זי איז שטארק אויסגעוואקסן פארן ווינטער, איר בוזעם האָט הויך אָנגעפילט דאָס העלע, זויבער־אויסגעוואשענע בלוזקעלע. סטיסיע האָט עליקן אויסגעוויזן ניַי,־און ער איז צוגעגאנגען אביסל אָנגעשטרענגט. זי, פארקערט, האָט אים אופגענומען פראָסט, ווי זיי וואָלטן גאָרניט אופגעהערט זיך טרעפן מיט אים אלע טאָג.

— זי קוקט שוין דורכן פענצטער, די שלאק—האָט זי געזאָגט—מע דארף גרייטן צום טיש. קום צוגיין נאָכ וואַרמעס.

נאָכ ווארמעס איז ער געוועג. סטיסיע האָט אים ארויסגעטראָגנ אינ פארטעכ עטלעכע צענדליק ווערשענע ניס, איז געשטאנענ מיט אים אביסל, אויסדערציילט וועגנ די נײַע באלעבאטים. ער האָט מער געהערט, ווי גערעדט.

זומער איז ער, ווי געוויינלעכ, געווענ שטענדיק פארנומענ, פארשטויבט, פונ פינצטער ביז פינצטער אינ דער ארבעט. אָפטער האָט מענ זיכ אָנגעהויבנ זענ ערשט אינ די הארבסטיקע יאָנטויווים. עליק איז געווענ אָנגעטאָנ אינ א נײַעמ קארטוז. א טונקלהאָריקער, ניט קיינ הויכער, מיט פעסטע פלייצעס, איז ער געווענ שטארק פארשווארצט פונ דער זונ. סטיסיע איז געווענ ליכטיקער פונ אים, מיט בלאָנדע האָר אונ עטוואָס העכער האָט זי אויסגעזענ, כאָטש זיי זײַנענ אינגרערעמעסנ געווענ אייג וווקס.

אינאָוונט זײַנענ זיי געשטאנענ אָפגערוקט פונ די וווינונגענ. פונ זיי אונ ווײַטער — דער אָפענער סטעפ. זי איז געשטאנענ זייער נאָענט, קימאט אָנרירנדיק אים מיט איר הויכנ בוזעמ. זייערע אָטעמס האָבנ זיכ אויסגעמישט. ס'איז געווענ פינצטער אונ ווינטיק. דער ווינט איז געגאנגענ ברייט אונ פרײַ. א פײַכטלעכקײַט האָט זיכ אינ אים געטראָגנ, אונ א ביטערקײַט פונ פאָלינ. דער ווינט האָט געשוועקט די צוויי יונגע לײַבער, אָנגעפילט זייערע אויערנ מיט א נאָכאנאנדיק הודענ, מיט זיפצנ אונ פײַפנ, מיט א סאָפענ אונ טופענ, ווי פונ לויפנדיקע פערד. זיי האָבנ זיכ געטוליעט איינס צומ אנדערנ, ווי זיי וואָלטנ מיט דער ווארעמקײַט אונ אייניקײַט פונ זייערע מענטשלעכע לעבנס וועלנ זיכ אנטקעגנשטעלנ דער אומענדלעכקײַט פונ דער נאכט אונ דעמ צעהוליעטנ ווינט, אינדערעמעסנ טיפ געהאָרכזאמ צו אים, צו זײַנ באצווינגענדיקער ווילדער שפראכ. זיי זײַנענ געשטאנענ שטארק ארומגענומענ, מוירע געהאט פאנאנדערקייטלענ די הענט, אזוי, געהאלטנ זיכ, ווי שווימענדיק אפ אנ אָפגעריסענעמ שטיקל פליט איבער עפעס א ריזיקנ טײַכ.

סטיסיע האָט זיכ די ערשטע דערמאָנט, אז ס'איז צײַט אהיימ.

אָוונט אינ אָוונט האָט זי, ווי א קאצ, זיכ ארויסגעגאנוועט פונ שטוב, ארופגעוואָרפנ א טוכ אפ די אקסלענ אונ איז געאָפנ צו עליקס טויער, זיכ געדרייט הינ אונ צוריק, ער זאָל זי באמערקנ, אונ דערנאָכ זײַנענ זיי אינאיינעמ געגאנגענ אינ טונקלענדיקנ סטעפ ארײַנ. דאָרט האָט ער זי געקושט, געדריקט צו זיכ, גליִענדיק מיט אלע זײַנע ניט־געשטילטע בלוטנ, ביז זי פלעג דערמאָנענ: „צײַט אהיימ"... זײַנענ זיי געגאנגענ אהיימ, אונ באמ געזעגענענ זיכ פלעגט זי אימ הייס א שעפטשע טאָנ: „מאָרגנ"...

איינמאָל, שטייענדיק מיט סטיסיענ, ווי געוויינלעכ, אינדערפינצטער, אינ סטעפ, האָט עליק א פרעג געטאָנ:

— וואָס וועט עס זײַנ?

זי האָט זיכ דערשראָקנ.

— יאָ? וואָסי?

— סע טויג ניט אזוי.

— כ'פארשטיי ניט, פארוואָס?

— ס'איז ניט גוט.

— יאָ?..

און סטיסיע איז אנטשוויגן געוואָרן, אויסוואַרטנדיק, ער זאָל זאָגן קלאָרער וואָס ער מיינט...

— ווי קלערסטו... מיר זאָלן כאָטשנע האָבן...—האָט ער אויסגערערט שטיל.

סטיסיע האָט א צײַט ניט געענטפערט.

— איך האָב שוין געטראַכט וועגן דעם—האָט זי צום סאָף געזאָגט—נאָר... ווי אַזוי זשע וועלן מיר לעבן?

איצט האָט ער שוין ניט געוווּסט, וואָס צו זאָגן.

— פאַרשטייסט? דו האָסט גאָרניט, איך האָב גאָרניט... און איבעראַיאָר גייסטו דינען... וואָס זשע וועט זײַן מיט מיר?

ווידעראַמאָל האָט עליק מיט שרעק דערפילט די לאַסט פון יענעם פינצטערן אַל, וואָס מע קאָן מיט אים גאָרניט מאַכן. ער איז געבליבן שטיין אָפּהענטיק, מיט אָפענע אויגן אין דער נאַכט אַרײַן, די האַנט פאַרגעסן אויף דעם מיידלס פּלייצע. זי האָט נאָך ווייכער גענומען טוליען זיך צו אים און האָט, ווײַזט אויס, געוויינט—זײַנע באַקן זײַנען געוואָרן נאַס.

— וואָס זשע טוט מען? וואָס זאָל מען טאָן?—האָט זי אומרויִק געפרעגט.—זאָג דו, וואָס קאָן מען טאָן?

אָט דאָס ווענדן זיך אירס צו אים נאָך ענטפער איז אים געווען ערגער, ווי אַלץ. ער האָט ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן. ער האָט ניט געהאַט וואָס צו זאָגן. דאָס האָט געשטיקט, כאָטש פאַל צו דער ערד.

די פאַרנאַכטן נאָכדעם איז סטיסיע, ווי פריִער, געלאָפן צו מוישע-אַרנס הויף, געדרייט זיך, ביז עליק פלעגט זי באַמערקן און אַרויסגיין אַנטקעגן. נאָר איטלעכ מאָל איז ער מיט עפּעס געווען פאַרנומען, איז ער מיט עפּעס אַן אויסרייד גיך אַוועק צוריק.

— ווילסט זיך מיט מיר ניט באַגעגענען?—האָט זי געפרעגט, אַז ער איז ווידער אַזוי אַן אָנגעכמורעטער, אַן אָפּגעפרעמדטער אַרויס צו איר.

— ניין, פאַרוואָס?..

ער איז מיט איר אַוועק שפּאַצירן. זיי זײַנען געגאַנגען מיט זייער געווינטן וועג. זיי האָבן זיך געהאַלטן בא די הענט. אויפן באַשטימטן אָרט האָט זי אים געבעטן:

— שטיי אַביסל.

און זי האָט זיך צוגעדריקט צו אים. ער האָט פאַרטראַכטערהייט געגלעט איר פּלייצע, זיך צוגעהערט צו איר לײַב, ווי ס׳טוליעט זיך צו אים. ער האָט געזאָגט:

— איך וועל אַוועק דינען, וועסטו כאָטשנע האָבן פאַר אַן אַנדערן.

— ניין, ניין, ניין!..— האָט סטיסיע אויסגעשריִען און שפּעטער א ווײַלע שטיל געפרעגט:

— וויפל יאָר געדויערט עס?

— דרײַ, און ביזן פריזיוו א יאָר.

— אוי!..—האָט זי אַזש א קרעכץ געטאָן פאַר ווײ און איז הייס צוגעפאַלן צו אים. נאָר אַז ער האָט א פאַרשיקערטער גענומען שפּעטשען, אַז ער קאָן מער ניט אַזוי, אַז אַלץ מוז געשען הײַנט, שוין, האָט ער ווידער דערהערט.

— וואָס זשע וועט זײַנ מיט מיר?

אונ דאָס האָט אים געמאכט אָפּהענטיק אונ שטום.

אינ שטוב בא עליקס באלעבאטים איז דעם סאָפּ זומער פאָרגעקומענ א וויכטיקע געשעעניש. מוישע־ארנ פרימאק האָט כאסענע געמאכט זײַנ עלטערע טאָכטער.

לאנג שוינ האָט מישפּאָכע געקליבנ נאדנ פאר איר אינעם גרויסנ געקאָוועטנ קופערט מיט די פינפ שלעסער—דרײַ באהאלטענע אונ צוויי הענגענדיקע,—אָפּגעלייגט דאָרט פאמעלעכ העמדער אונ לײַלעכער, טישטעכער אונ האנטעכער, ציכנ אונ האפטנ, פאטשיילעס אונ שאַלנ, געמערט עס פונ יאָר צו יאָר. ראָזקע האָט מיט זשעדנעם פלאם אינ פּאָנעם אליינ מיט די אייגענע הענט אלצ איבערגעמאָסטנ אונ צוגעציילט, באראַוועז בייז געמאָנט בא די עלטערנ, טאָמער האָבנ זיי אָנ דעם קר־פערט פארגעסנ, געשלעפּט בא איטלעכער געלעגנהײַט, וויפל ס'האָט זיכ געלאָזט.

א שידעכ האָט מענ ראָזקענ גערעדט פונ שטאָט.

— מענ זײַנ ניט פונ די נעגידים—האָט מוישע־ארנ אָנגעזאָגט דעם שאדכנ—באָרכאשעם, מיר דארפנ ניט זײַנ געלט, אבי ער זאָל גוט פארשטיינ אינ די קליינע אויסיעלעכ.

ער האָט געהאט דערבײַ א ווײַטנ מיינ, וואָס איז ערשט נאָכדעם קלאָר געוואָרנ.

פארנ פאָרנ זענ זיכ האָט מענ ראָזקענ אופגענייט א גרינע קלייד מיט א באנט פונהינטנ. שפּעטער האָט מענ דעם כאָסנ ארײַפגעבראכט צו זיכ. די קאַלאָניע האָט זיכ געוויגט. אלע האָבנ זיכ געפלײַסט אָנקוקנ דעם געקומענעם, הערנ פונ אים א וואָרט.

מע האָט אים געזענ אינ שטוב, מע האָט אים געזענ אינ גאס. דאָס איז געווענ שוינ ניט קיינ יונגער באָכער, בא די דרײַסיק, אָנגעטאָנ אינ א שווארצנ, פיל מאָל גערייניקטנ, בייז גלאנצ אויסגעריבענעם סורדוט. א הויכער, אנ אָפּגעצערטער, מיט שטארק שווארצע וואָנצעס, ווי אָנגעפארבטע, האָט ער אינ זײַנ שטעל אונ פירונג געהאט עפּעס פונ גרויסהאלטערײַ אונ געפאלנקײַט איינצײַטיק. דעם גרעסטנ רוישעם האָט געמאכט זײַנ מאפּסיר זאָגנ שאבעס אינ שול.

— אנ אויסשפראכ!

— לייגט ארײַנ אינ מויל איטלעכ וואָרט.

— אנ אנטיקל, ניט אפ מוישע־ארנס גאָרטנ געוואקסנ.

— אונ אז אפ עמעצנס גאָרטנ, אבי מע קריגט עס פאר געלט.

— ווי הייסט ער?

— מאָזנאַים.

— ס'אזא פאמיליע?

— נו, יאָ.

די כאסענע איז געווענ אינ דער פרעמד. נאָכנ צוריקומענ האָט מענ די מענטשנ געגעבנ צו גלעזלעכ בראָנפנ אונ שטיקלעכ לעקאכ, אונ אינ שטוב האָט פארנומענ איר אָרט די נײַע פּאָר—ראָזע מאָזנאַים מיט איר מאנ.

עליק אונ סטיסיע האָבנ זיכ דעם הארבסט ווייניק געזענ. עליק איז געווענ שווײַגנדיקער, ווי שטענדיק. אינ די ליידיקע טעג איז ער אסאכ געשלאָפנ.

אינ א פרעסטלדיקנ אינדערפרי זײַנענ עליק אונ כאסקל געפאָרנ איבער דעם צוגעפרוירענעם קלינגענדיקנ וועג מיט דעם באלעבאָס פורנ צו דער סטאנציע. אָפּגע־

פארטיקט זיכ, האָבנ זײ פארפירט די וועגענער אינ א באקאנטנ הויפ, אויסגעשפאנט די פערד, געגעבנ הײ.

— ווילסט—האָט כאסקל געזאָגט—וועלנ מיר גײנ צו מײדלעכ. איכ ווײס אנ אָרט.

עליקנ איז עס געווענ פריקרע־אומגעריכט, נאָר ער האָט זיכ מיטאמאָל דערפילט ניט פרײַ, ניט געקאָנט ענטפערנ ניט יאָ, ניט נײנ.

— וועֶר זײַנענ זײ?—האָט עליק קוים ארויסגעוואָרגנ די ווערטער פונ דער קעל.

— טאקע פונ דעמ דאָרפ. צווײ שוועסטער יעסוימעס. זומער ארבעט מענ אינ פעלד בא יענעמ, אונ ווינטער פארדינט מענ צו, ווי סע לאָזט זיכ. וואָס ביסטו אזוי צעמישט? ס'איז דיר דאָס ערשטע מאָל? יאָ... מיט מיר איז דאָס אײגענע געווענ. פאסקודנע. פע. אונ נאָכרעמ ציט.

כאסקל איז געגאנגענ אפריִער, אונ עליק נאָכ אימ, געבונדנ, ווי ניט בא זיכ אינ די הענט.

די מײדלעכ האָבנ געוווינט אינ א נידעריק שטיבל, א פלאטשיקס, ווי אָנ א דאכ, נאָר א קוימענדל אויבנ, די פענצטערלעכ קלײנ, די ווענט ניט ארומגעשמירט, דער פארקנ ארומ הויפל צעוואלגערט, אינעווײניק אינ שטוב—אָפגעלאָזנ, פינצטערלעכ, די איקאָנעס אינ ווינקל אונ דער אויסגענײטער האנטעכ ארומ זײ—די אײנציקע צירונג.

די מײדלעכ האָבנ כאסקלענ באגעגנט, ווי א גוטנ באקאנטנ, איבערהויפט די ייִנגערע ווארִיא, א ווײַס־בלאָנדע, לוסטיק־שמײדיקע באשעפעניש. די עלטערע, כריסטיא, איז געווענ א שווײַגנדיקע אונ האָט זיכ געהאלטנ, ווי א דינערנ אינ שטוב. דאָס איז געווענ א גרויסע מויד מיט האמעטנע־צינויפגעפאסטע גלידער. זי האָט זיכ אזויווי געשעמט פאר איר קערפער. ווארִיא האָט זיכ מיט איר געשאפט, אונ זי האָט געפאָלגט.

זי האָט דערלאנגט א פאָר גלעזער, צוגעגרײט א פרעזשעניצע מיט וורשט, אָנגעשניטנ ברויט, אונ מע האָט זיכ געזעצט צומ טיש — ווארִיא מיט כאסקלענ, אונ כריסטיא מיט עליקנ. אז מע האָט ארײַנגעגאָסנ אונ צוגעביסנ, האָט כאסקל ארופגעזעצט ווארִיענ צו זיכ אפ די קני. זײ האָבנ זיכ געקושט אונ געטרונקענ פונ אײנ גלעזל. עליק איז געזעסנ געפענטעט אונ צעמישט. כריסטינע האָט געקוקט צומ טיש מיט גליִענדיקע אויגנ, געוואָלט ער זאָל עפעס טאָנ, זיכ ניט גערירט, נאָר א וואַרעמקײַט האָט פונ איר געשלאָגנ, ווי פונ אנ אָנגעהײצטנ אויוונ.

אינגיכנ איז כאסקל מיט ווארִיענ אוועק אפ דער נארע, אונ כריסטיענ מיט עליקנ איז געבליבנ דער לײמענער פאָל צווישנ טיש אונ טיר. די מויד האָט זיכ א רעגע פארטראכט, באלד געקריגנ פונ ערגעץ אנ אלטנ אויסגעריבענעמ שעפסנ־פעלץ אונ אימ אויסגעבעט אפ דער ערד מיט די וואָל ארופ.

עליק האָט אָנגעקוקט אירע ערלעכע צוגרײטונגענ אונ געגליט. סטיסיע האָט זיכ אימ דערמאָנט אפ א רעגע, נאָר באלד האָט ער אָפגעטריבנ דעמ געדאנק: סײַווי פארפאלנ...

אינ פארלויפ פונ די ווינטערדיקע כאדאָשימ איז עליק געווענ נאָכ עטלעכע מאָל בא די מײדלעכ, שוינ אלײנ אָנ כאסקלענ. ווארִיא איז אימ מער געפעלנ געווענ, נאָר ער האָט זיכ געהאלטנ בא כריסטיענ, סע זאָל זי ניט באלײדיקנ.

דער געוועזענער העברייִש־לערער און איצט מוישע־ארנ פרימאקס איידעמ, יאנקעוו מאָזנאַיִמ, האָט זיכ אפ דעמ שווערס קעסט באלד אינ די ערשטע כאדאָשימ גאנצ פײַנ פאריכט, אָנגענומענ אפ זיכ לײַב. מיד פונ אלטבאָכערשנ לעבנ און יאָרנלאנגער אָפּהענגיקײַט פונ פרעמדע הײַזער, איז ער אײַנגעגאנגענ אפ דעמ אומגעריכטנ שידעכ און האָט קיינ כאראָטע ניט געהאט. אביסל זײַנענ די רייד און פירונגענ אפנ נײַעמ אָרט אימ געווענ פריקרע די ערשטע צײַט, נאָר ער איז געווינט געווענ צו געדולד און צו האלטנ סטאט אינ אלערליי אומשטענדנ. ער איז ניט געזעסנ ליידיק דעמ ווינטער, און זײַנ קענטעניש האָט ניט געזשאווערט. אלע שאבעס פארנאכט האָט ער אינ שול פארנ אוילעמ געזאָגט א קאפיטל יִדישע היסטאָריע לויט גרעצנ. אלט און יונג, מאנצבלען און פרויענ זײַנענ אימ געגאנגענ הערנ, באזונדערס די ערשטע עטלעכע מאָל, ווער פונ אינטערעס צו דער זאכ, ווער פונ נײַגער צו דעמ מענטשנ.

מוישע־ארנ האָט געשמייכלט זיכ אונטער דער לאנגער נאָז און געשוויגנ. דאָכ לאנג האָט ער זיכ ניט אײַנגעהאלטנ. ער האָט מיטנ איידעמ געהאט א שמועס אויג אפ אויג.

— איכ האָב דיכ גענומענ — האָט ער געזאָגט — ווי דו גייסט און שטייסט, און איכ זע, איכ האָב זיכ ניט גענארט. איכ דארפ ניט דײַנ געלט. מיר זײַנענ קיינמאָל ניט געגאנגענ אינ קיינ גאָלד און האָבנ ניט געטראָגנ קיינ סכוירענע פוטערס, נאָר אז ס׳וועט אויסקומענ, וועט סטײַענ אפ אלצ, און עפּעס וועט נאָכ איבערבלײַבנ. וועסנע בוי איכ דיר אויס א פײַנע שטוב און וואָס מע דארפ צו דער שטוב. ווער א באלעבאָס פאר זיכ, אינ צוויי יאָר ארומ איז בא אונדז נײַע וויבאָרעס, וויל איכ, דו זאָלסט ווערנ שולצ אינ דער קאָלאָניע. בערעלע פעסקינ מיט די זשוקעס האָבנ זיכ גענוג אָנגעווארעמט, זיי מעגנ שוינ צולאָזנ עמעצנ אנדערש. גענוג פאר זיי!

עליק האָט זיכ אינ איינעמ א שאבעס פארנאכט ארײַנגעכאפּט אינ שול הערנ מאָזנאַיִמס דראָשע. יענער האָט עפּעס לאנג דערציילט וועגנ יעהודאָ און עפראַיִמ, זייערע מעלאָכימ און געטער, זייערע מילכאָמעס און צווישנ־באציִונגענ. עליק האָט זיכ ערלעכ אײַנגעהערט, צוגעלייגט אנ אויער, געוואָלט עפּעס באנעמענ. יענער האָט גערעדט גאנצ פראָסט יִדיש, ווי א געניטער לערער פארטײַטשט איטלעכע קליינקײַט. יעדער זאכ באזונדער איז טאקע געווענ גאנצ קלאָר, נאָר אלצ איניינעמ מאָדנע פרעמד און ניט פארשטענדלעכ ביז כאלאָשעס. עליק איז אנשלאָפנ געוואָרנ; זיכ אופגעכאפּט, ווײַטער געהערט אביסל און צוריק אנשלאָפנ געוואָרנ.

מער איז ער צו די לעקציעס ניט געגאנגענ. אז אנ אומרו פלעגט אימ נעמענ טאָטשענ, פלעגט ער בא א געלעגנהײַט פארקערעווענ צו כריסטיענ. איינמאָל פרילינג האָט ער זי געטראָפנ, ווי זי שטייט און גראָבט אינ גאָרטנדל לעבנ שטוב, די נאקעטע פיס אויסגעשמירט אינ שוואַרצער ערד ביז די קני. ער האָט זיכ אנטשולדיקט, געוואָלט אוועקגיינ, ווײַל זי איז פארנומענ מיט אנ ארבעט.

— ניינ, ניינ — האָט זי געזאָגט — ס׳מאכט ניט אויס..

זי האָט אָפּגעלייגט דעמ רידל און איז ארײַנ מיט אימ אינ שטוב. וואריא איז ניט געווענ. עליק האָט, לויט כאסקלס שטייגער, געבראכט ווורשט און נאָכ אזוינע זאכנ און ארופגעשטעלט אפנ טיש, נאָר כריסטינע האָט זיכ ניט צוגערירט צומ עסנווארג.

— ס'ווילט זיך ניט עסן—האָט זי זיך פארענטפערט,—ניטאָ קיין צײַט..

זי איז געזעסן און געווארט. ביידע האָבן געשוויגן. דערנאָך האָט זי אלץ אזוי, ניט אויסריידנדיק קיין וואָרט, זיך אופגעהויבן און איז אוועק אין טונקעלן ווינקל צו דער נארע הינטערן אויוון, און עליק איז אוועק נאָך איר.

ארויס פון שטוב זײַנען זיי צוזאמען. עליק האָט זיך אָפגעזעגנט און, אומקוקנדיק זיך פון דער גאס, האָט ער געזען, ווי זי שטייט שוין ווידער אין גאָרטנדל און גראָבט.

אין א פארנאכט אינגיכן נאָך דער באגעגעניש האָט עליק, דורכפאָרנדיק מיטן דאָרף פארבײַ דעם שטיבל, געזען כריסטיען, ווי זי שטייט איינע אליין באם ארײַנגאנג אין הויפל, א גרויסע, מיט האמעטענע גלידער, דאָס מויל מעשונעדיק צעעפנט, און זינגט אפן קאָל. ער איז פארבײַגעפאָרן גיך, אויסגעקערעוועט צום שטיבל מיטן רוקן, ס'איז געווען שוין ניט גאָר ליכטיק, און זי האָט אים, אוודע, ניט דערקענט. זי האָט אלץ ווײַטער געזונגען איר ליד, און ער האָט אין וועג נאָכ א צײַט געהערט איר קאָל פול מיט ווארעמקײַט, בענקשאפט און קראפט. דאָס האָט אים זייער צע־רודערט.

אפמאָרגן האָט ער באגעגנט סטיסיען. ער האָט זי שוין לאנג ניט געזען. ווידער איז זי נאָכן ווינטער אזוי ווי אויסגעוואקסן און שענער געוואָרן. זי איז ארויס אין דעם ווארעמען טאָג מיט אָפענע האָר, אין א העל בלוזקעלע מיט קורצע ארבל, די הענט אָפגעדעקט. איר הויט איז געווען לײַכט פארגאָלדיקט פון דער פרילינג־זון און האָט זיך געלויכטן פון פרישקײַט. זי האָט זיך פאר אים אָפגעשטעלט, אָנגעקוקט אים מיט אירע מילדע אויגן, און זיי זײַנען אפ א רעגע פארלאָפן מיט א פײַכטלעכקײַט.

— ווילסט מיך גאָרניט זען?—האָט זי געפרעגט—וואָס האָב איך דיר געטאָן?

זי האָט באמערקט עליקס צעמישטקײַט באם אָנקומען איר אנטקעגן. ער האָט זיך געפילט שולדיק פאר איר, און איינצײַטיק איז אים דורכגעלאָפן א געדאנק: „סײַווי איז זי ניט פאר מיר... זי האָט עס אנומלטן אליין געזאָגט..."

— ניין, איך וויל דיך זען. פארוואָס נים? נאָר איך בין אלץ פארנומען—האָט ער געשטאמלט.

— דארפסט זיך מאכן א נײַ העמדל—האָט זי געזאָגט—דאָס איז שוין צעריסן. וועסט מיר געבן, וועל איך דיר אויסנייען.

עליק האָט א שמייכל געטאָן, ס'איז אים געפעלן געוואָרן: ער וועט טראָגן ארום האלדז און אפן הארצן איר אויסגענייי: אז ער וועט פאָרן אין שטאָט ארײַן זיך שטעלן צום פריזיוו, וועט ער אָנטאָן דאָס העמדל. מע וועט פרעגן: „ווער האָט עס דיר אזוי שיין אויסגענייט?" „א מיידל", וועט ער ענטפערן.

זיי זײַנען געגאנגען אביסל, און ער האָט, ווי אמאָל אין די גוטע טעג, געהאלטן איר האנט.

אין א וואָך ארום, אז ער האָט באקומען פונעם באלעבאָס א צענערל, האָט ער עטלעכע רובל, ווי געוויינלעך, אָפגעגעבן דער מאמען אפ דער הויצאָע אין שטוב, און באזונדער האָט ער איר אויסגעטיילט א סומע אפ א העמדל פאר אים. דאָס העמדל איז פארטיק געוואָרן, איז ער אוועק דערמיט צו סטיסיען. זי איז געשטאנען איבער דער באליִע און געוואשן גרעט. אירע הויך-פארקאכשעטע הענט זײַנען געווען נאס.

— וואָס איז עס דאָרטן בא דיר אין פּאַפּיר?—האָט זי זיך באַלד אָנגעשטויסן וועגן וואָס ער איז געקומען.

— גאָרניט, ביסט דאָך פאַרנומען. זאָל זײַן אַפּ אַן אַנדער מאָל.

— ווײַז, ווײַז—האָט זי באַפוילן.

ער האָט צעוויקלט דאָס פּעקל. דאָס העמדל איז געווען פון קרעם־קאָליר. סטיסיע האָט עס אָנגעקוקט מיט פאַרגעניגן.

— כ׳וועל עס אויסנייען מיט קאָרן־בלימלעך—האָט זי געזאָגט, האַלטנדיק צעהאַנגען די אָנגעזייפטע הענט—לײַג עס אַנידער דערווײַל אָן דאָרטן אָ...

דער זומער אין דער קאָלאָניע איז, ווי געוויינלעך, געווען איבערן קאָפּ פול מיט פאַרטויבנדיקער מי, מיט שטויב און ברענענדיקער זון.

א דושנער טאָג. כמאַרעס קלײַבן זיך. איסער זשוק מיט די זין איז אין סטעפּ. מע פירט אַראָפּ דאָס אָנגעשניטענע ברויט. ס׳איז דאָס יאָר געווען אַ גוטע גערעטעניש, פאַראַן בא וואָס אַ האָ־עווע טאָן. מע פירט אַפּ דרײַ האַרבעס, איינע בײַט אָוועק, די אַנדערע לאָדט מען אָן. מייער יאָרשס אַרבעט איז דערלאַנגען. פון גאַנצפרי הויבט ער מיט דער ווילע די שווערע גאַרבן. אַרום—אָפּטע אויסרופן פון געזונטע קוילעס. ער שווײַגט. שויג לאַנג אויסגעשעפּט ביז לעצט, מאַכט ער זײַנע באַוועגונגען, ווי אין האַלבן שלאָף, גלײַך גרייט זיי איבערכאַזערן אָן אַן ענד, אָדער זיך אַנידערוואַלגערן און ניט אויפשטיין.

די האַרבע איז לאַנג און ברייט. דער, וואָס פונויבן, יאָגט: „גיכער! נאָך!“ מייער שטייט אַפּ. דער זשוק, וואָס אַרבעט מיט אים אינאיינעם, איז יונג און אָנגעגאָסן מיט קויעך, ביז מייער דערלאַנגט איין גאָב, פאַרוואַרפט יענער צוויי און דרײַ.

די האַרבע איז שוין הויך, ווי אַ שטוב, און זי הערט ניט אויף צו וואַקסן און מאָנען: „נאָך! נאָך!..“ און אָט געשיט דאָס, פאַרוואָס מייער האָט מוירע געהאַט. ס׳פעלט אים אויס אָטעם צו פאַרוואַרפן דעם גאַרב אַפן סאַמע אויבן, און זײַן גאָב פאַלט אים צוריק צו די פיס. ער שטרענגט זיך אָן, נאָר ס׳העלפט אים ווייניק. די גאַרבן פאַלן אַלץ אָפטער צוריק.

איסער זשוק האָט פונוויטנס אַכטונג געגעבן אַפּ מייערס אַרבעט. אַ צערייצטער איז ער צוגעשפרונגען.

— אַלטער שטינקער! פגירע!— איז ער אָנגעפאַלן מיט קוילעס — אין דער ערד אַרײַן גיי מיט דײַן אַרבעט!

איסערס האָר זײַנען גרוי, נאָר זײַן פּאָנעם איז רויט, און די אויגן פול פײַער. ער טוט אַ ריס אַרויס די ווילע פון מייערס האַנט און וואַרפט אַליין אַרויף עטלעכע גאַרבן—פלינק און לײַכט און פונקט אַהין, וווהין מע דאַרף.

— נאַ!—גיט ער אָפּ מייערן צוריק די ווילע—צוּוואָס האַלט איך דיך ווייס איך ניט. עסט ברויט אומזיסט.

מייער האָט אינדערהיים וועגן זײַן כאַרפּע ניט דערציילט. מע האָט אים באַוולט באַם אָפּצאָלן, האָט ער פאַרשוויגן, פאַר כײַע־ריווקען אויסגעטראַכט עפּעס אַ טערעץ.

עליק האָט געזען, וואָס מיטן טאַטן טוט זיך. „יאָ, ער איז שוין גאָר אַ שוואַכער אַרבעטער. האַרבסט איז דער פּריזיוו. אַפּ וועמען וועט בלײַבן די שטוב?“...

לייקע, אַ שוועסטערל פון פופצן יאָר, איז אַ פאַרשעמטע, אַ פאַרווייניטע געקר־

מען צו פאָרן צוריק—אינ שטוב דאָרטן, ווו זי איז געווען, איז פארפאלן געוואָרן א זילבערנער לעפל, האָט זיך די באלעבאָסטע צוגעטשעפעט, אז די דינסט האָט געגאנוועט, און זי דערפאר ארויסגעטריבן. מוישקע, א ברודערל פון א יאָר צוועלף, האָט שוין געארבעט, נאָר זייער ווייניק דערפאר געקריגן. ביילקע און יאנקעלע זיינען נאָך געווען גאָר קליין. פונעם פארדינסט פארן סעזאָן וועט מען דארפן א טייל איבערלאָזן אינדערהיים און אביסל נעמען מיט זיך.

סטיסיען האָט עליק איצט ניט געזען וואָכנוויַז. זי איז קימאט געווען צופרידן דערפון. דאָס אויסנייען האָט זיך פארצויגן מער, ווי זי האָט גערעכנט. פאר דער ארבעט איבערן העמדל האָט זי געמוזט גאנוועגען מינוטן, די באלעבאָסטע זאָל ניט זען.

כאסקל שנאָל איז געווען מיט עליע יאָרשן פון איין יאָר און האָט אויך געדארפט גיין דינען דעם הארבסט. ער האָט איצט אָפטער, ווי אלעמאָל, געשאָלטן די באלעבאטים, אונטער די אויגן, פארשטייט זיך, געשפיגן אפן עסן, בא א מינדסטער צוטשעפעניש געשלאָגן די פערד מיט די שטיוול־נעזער אינ בויך און מיט וואָס ס׳האָט זיך געמאכט. א זאק האָט זיך געריסן, ס׳שיט זיך אויס דער ווייץ—ווערט עס פארברענט. א ראָד האָט זיך צעשטערכעט—גייט עס אינ דער ערד. עליק האָט פארשטאנען זיין קאס, געפילט זיין הארץ, נאָר פירן זיך אזוי, ווי ער, האָט ער ניט געקאָנט. ער האָט ביז דער לעצטער מינוט געהלעפט דעם אָל פון דער ארבעט, ניט פריַ אים צו פארגעסן אפילע אפ א רעגע, ניט גאנצ בא זיך, טאָמער האָט ער עפעס ניט דערטאָן.

הילע האָט זיך געוווּנדערט אפ כאסקלען און עליקן.

— גייט איר טאקע דינען?

— א ברייר ע. און דו?

— אזוי לאנג ליגט פאָניע אינ דער ערד. צו וואָס דארפ איך עס?

— ווי זשע?

— דער טאטע האָט מיך נאָך פאראיאָרן ארויסגענומען.

— דארפסט דאָך ערשט איבעראיאָר שטיין.

— מאלע וואָס, איך בינ אָפילע דערביַ ניט געווען.

— ביסטו טאקע א קלוגער.

— וואָס זשע מיינסטו! הע, הע, א נאר! אוואדע א קלוגער.

מ׳האָט זיך גיט ארומגעזען, איז אוועק דער זומער, און אלץ, אפ וואָס עליק האָט פארהאלטן זייַן בליק אינ יענע אָנהויב־הארבסטיקע טעג, איטלעכער שטיינ אינ דער קאָלאָניע, האָט אים דערמאָנט: מיר געזעגענען זיך שוין, פאָרסט אוועק איניגיכן אינ א וויַטן, ניט פריילעכן וועג.

אפ א הויכ אָנגעלאָדענעם וואָגן מיט פעריי איז ער פאמעליעך געפאָרן מיטן סטעפ. ליגנדיק אפן בויך, האָט ער מיט האלב־צוגעזשמורעטע אויגן געקוקט אפ דער אומענדלעך־אויסגעשפרייטער ברייט. וויַטע סטערטעס זיַינען געהאנגען אינדערלופטן. א קורגאן באם האָריזאָנט האָט ארויסגעשטעקט דעם קאָפ דורך א לאָך אינ הימל. די זון האָט געווארעמט אינ רוקן. א ווינטל האָט אריַינגעבלאָזן אינ אן אויער. שטיל־שטיל, און ווי אליינ פון זיך, האָט פון אים ארויסגעבראָכט א ניגנדל. ס׳האָט זיך:

געוואָלט דרעמלען, און ס'האָט זיך געוואָלט וויינען—אפ דער יוגנט זײַנער, וואָס איז געווען און ווי ניט געווען.

אין א פרײַען שאבעס נאָך מיטעק האָט עליק אביסל שפאצירט מיט סטיסיען לעבן טײַך. ער האָט צום ערשטן מאָל אָנגעטאָן דאָס נײַע העמדל. ס'איז געווען פון העלן קרעם־קאָליר מיט בלויע קאָרן־בלימלעך אויסגענייט. פון דער נידעריקער זון איז געפאלן יענע שײַן פון הארבסטיקן סאָפ טאָג, ווען דאָס הארץ נעמט אזש ציטערן, אז אזוינס מוז פארגיין. די בערגלעך אפ יענער זײַט טײַכל, דאָס גרינע גראָז באם ברעג, איטלעך קוסטיקל איז מיט אָט דער שײַן געווען באגאָסן. אויך סטיסיעס פאָנעם האָט איצט געלויכטן מיט דער טײַערער שײַן. עליק האָט נאָכאמאָל און נאָכאמאָל געכאפט פון דער זײַט א קוק אפ איר, אָפ דעם וווּנדער, צי איז עס טאקע אינדערעמעסן, צי עפשער דוכט זיך אים נאָר, זיי האָבן ווייניק גערעדט. סטיסיע האָט נאָר איבערגעפרעגט:

— שוין אזוי גיך? אין א וואָך ארום?

און זי האָט געפירט אלץ ווײַטער, ווײַטער פון די וווינונגען, פון א נײַגעריק אויג.

אונטער'א בערגל האָט זי זיך אָפגעשטעלט, אָן איינ וואָרט ארומגענומען עליקן און געקושט, געקושט און געטוליעט צום הארצן. עליקן איז געווען גוט און ס'האָט געקלעמט ביז ווײ. דער קאָפּ האָט זיך אים געדרייט, און דערבײַ האָט ער געדענקט: זי געזעגנט זיך, געזעגנט זיך מיט אים, א לעצטן מאָל...

---

צו דער סטאנציע איז מען געפאָרן אינדערפרי. אָנגעפאקטע וואָגנס זײַנען געשטאנען אינמיטן דער דאָרפישער גאס. באלעבאטישע קינדער מיט געלט זײַנען אוועק באצײַטנס, פריער מיט עטלעכע טעג, צוזאמען מיט אופטוער פון די מישפאָכעס טאָן דאָרטן אין שטאָט די מיטלען, וואָס מע דארף, צו פארהיטן די יונגע לײַט פון בייז, איצט האָבן זיך אויסגעקליבן די, וואָס האָבן זיך ניט געריכט זיך אומקערן. אלע מיט הילצערנע קעסטלעך אפ רימענס אָדער שטריקלעך. מאמעס האָבן געיאָמערט, באגלייטנדיק זייערע זין אין יענעם ווײַטן וועג, וווּ קיין ווינט ווייעט ניט און וווּ קיין האָן קרייעט ניט. די באלעגאָלעס האָבן געטריבן:

— אָן עק, אָן עק. ווײַנט גיכער, צײַט פאָרן.

מײַער האָט זיך געזעגנט מיטן זון שטיל און טיף געבראָכן. ער האָט געוווּסט, ס'גייט אוועק א האלבער שפײַזער. ס'וועט זײַן שווער אליין טראָגן די שטוב. כײַעדיוקע האָט געטאָן, וואָס זי האָט געקאָנט: זי האָט געוויינט, געגעצט מיט טרערן עליקס פאָנעם.

די פורן האָבן גערירט, זײַנען אוועק, איבערלאָזנדיק נאָך זיך א שטויב.

א יידענע איז געגאנגען און געשאָלטן מיט א הויכן קאָל:

— אונדזערע מאנען אקערן פאר זיי די ערד, אונדזערע טעכטער ראַמען צו, וואָס זיי מאכן אָן, אונדזערע זין דינען פאר זיי דעם קייסער. מיט אונדז ווערן די צאָרעס געבוירן, מיט אונדז טאָגן זיי און נעכטיקן. צו זיי קלעפט זיך גאָרניט צו קיין אומגליק. באגראָבן מעגן זיי ווערן, נעמט זיי ניט די ערד...

סטיסיע איז ניט געווען באַ געזעגענען זיך, האָט, ווײַזט אויס, ניט געקאָנט זיך אַרויסרײַסן פון שטוב. נאָר ווען די פורן זײַנען פאַרבײַגעפאָרן, איז זי אַרויס פאַרן טויער און לאַנג זיי נאָכגעקוקט, ביז זיי זײַנען אַריבער דעם בריק, זײַנען אַרופ אַפן באַרג, פון דער הייך דאָרט זיך פאַרנומען אַראָפּ־צו און ניט געוואָרן.

דאָס וואָקזאַלכל און דער פּלאַץ פאַר דעם זײַנען פול געווען מיט יונגע פויערים פון די אַרומיקע דערפער—באָכערים געזונטע, ווי די סאָסנעס און אויך ניט ווייניק האַלב־רײַפע, מיט קימאַט קינדערשע פּענעמער מיט אַ העל פּוכל אַפ די ליפּן. טאַטעס און אַזוי עלטערע פויערים האָבן זיי געפויעט מיט בראָנפן, געשטופּט די שקאַליקעס זיי אין די מײַלער אַרײַן, אַרײַנקערנדיק, ווי מע גיט אײַן אַ רעפּוע אַ קראַנקער שטובכײַע. אַרומגענומענע צו צוויי, צו דרײַ, זײַנען געגאַנגען שיקערע יונגע לײַט. מיט פאַרגאָסענע אויגן און מיט קוילעס פול פּײַן האָבן זיי געשריִען לידער און קיין אויסוועג ניט געפונען אין געשריי. באַיאָרטע פויערטעס האָבן אָפּגערופן אַמאָל פון דעם, אַמאָל פון יענעם רעדל זייערע זין, איבערגעגעבן זיי טאָרבעלעך מיט כאַזער און ברויט, געצײַלעמט, געשעפּטשעט בראָכעס און נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל אָנגעקוקט די ליבע פּענעמער.

וואַריאַ און כריסטינאַ האָבן אויך געהאַט וועמען דאָ צו באַגלייטן. די צורעס רויט פון בראָנפן, די אויגן רויט פון טרערן, זײַנען זיי איבערגעגאַנגען פון איינעם צום אַנדערן.

— כאַסקל!

דאָס האָט זיך וואַריאַ מיט אַלע קויכעס אַ ריס געטאָן פון עמעצנס אָרעמס אַנטקעגן איר גוטן באַקאַנטן.

— באַלד, באַלד,—האָט איר כאַסקל צוגעווונקען מיט אַ שמייכל און איז דערווײַל אַוועק אַנידערשטעלן אַפ אַן אָרט זײַנע זאַכן.

— בלײַבסט דאָ—האָט ער געזאָגט צו עליקן — וועסט אַכטונג געבן אַפ מײַן קעסטעלע.

עליק האָט געזען כריסטינען פונווײַטן. זי איז געשטאַנען צווישן אַן אוילעם אַן אומגעלומפּערט־אויסגעוואַקסענע, אירע האַמעטנע באַקן האָבן געפּלאַמט, די גרויסע אויגן זײַנען איר געווען גלעזער־צעפּענט, זי האָט שיקערערהייט געגוואַלדעוועט עפּעס ענלעכס צו אַ ליד. ס'איז אים געוואָרן ניט היימלעך, האָט ער פאַרנומען די זאַכן, זײַנע און כאַסקלס, איז אַוועק פון דעם אָרט, זיך פאַרוקט אין אַ טונקעלן ווינקל פון וואָקזאַל, צוגעזעצט זיך אַפ זײַן קעסטל און גענומען וואַרטן.

ער האָט זיך שוין ניט אומגעקערט אַהיים. צוזאַמען מיט נאָך אַסאַך נײַ־צוגענרמענע פון אוקראַיִנע האָט מען אים אָפּגעשיקט אין טיפ רוסלאַנד.

די ערשטע צײַט האָט עליק גאָרניט און קיינעם אַרום זיך ניט געזען, דערהאַרגעט און פאַרדולט פון דעם, וואָס מיט אים איז געשען. ער האָט, ווי אומעטום און אַלעמאָל, זיך באַמיט אויספירן אַלץ, וואָס מע האָט אים געהייסן, פּלײַסיק, ניט גענאַרט, און סײַווי האָט מען ניט אויפגעהערט צו זידלען און שטורכען אים און שיפּען אַפ אים: „זשיד!“

געווען באַ זיי אין ראָטע איינער פּאַוועל דובאָק, אַ נידעריקער, ווי אַלע אין דער ראָטע. עפּעס איז געווען אין זײַן האַלטונג, אין זײַן בליק ניט ענלעכס אַפ די איבעריקע מיט אים אין דער ריי, עפּעס ניט אונטערטעניקס, אַזוינס, וואָס בלײַבט

אומבאזיגט אונטערנ גרעסטנ דרוק. אויסערלעכ דיסציפּלינירט, האָט זײַנ גאנצע שטײַפע, געשיקטע פיגור געאָטעמט מיט קראפט אונ איבערהאנט. אינ דעם מענטשנ האָט געלעבט א שטענדיקע וואכיקײַט, וואָס ווערט, דאכט זיכ, ניט אָפּגעטעמפּט אפ קײנ רעגע. וואָכנ אונ כאדאָשימ פארגײיענ, אונ ער איז געצוימט אונ שטיל, נאָר אומגעריכט קאָנ ער זיכ א וואָרפ טאָנ מיט נעגל אונ צײנ אונ אופּטאָנ דער טײַוול ווײסט וואָס.

דער פעלדפעבל האָט אימ פײַנט געקראָגנ פונעמ ערשטנ טאָג אָנ. א צערײצטער שוינ פונ דעמ סאָלדאטס אויסזענ אלײנ, האָט ער אלצ געזוכט, מיט וואָס אונ ווי אזוי אימ דערנידעריקנ אונ אײַנברעכנ. אָט די טײַווע איז אינעמ פעלדפעבל אלצ מער געוואָקסנ. וואָס מער ער האָט זיכ איבערצײַגט, אז ער קאָנ גאָרניט מאכנ, ס'העלפט ניט, עפעס בלײַבט אינ אָט דעמ פויערימ־זונ פונ די אוקראַינישע סטעפּעס אזוינס, וואָס גיט זיכ ניט אונטער.

אז פאוועל איז געשטאנענ, ווי אלע שטײענ, האָט דער פעלדפעבל געשריִענ: „וויאזוי שטײסטו?" אז יענער האָט געהאלטנ די ביקס, ווי אלע האלטנ, האָט דער פעלדפעבל גענוואלדעוועט: „וויאזוי האלטסטו די ביקס?" ער האָט אימ נאָכאנאנד געדרײט, געטאָרעט, געצוונגענ לויפנ לענגער, ווי אלע, איבערמאכנ די באוועגונגענ איבעריקע מאָל, ארופגעלײגט אפ אימ שטראָפנ פאר א מינדסטער קלײניקײַט אונ גאָר אָנ א סיבע. דובאָק האָט שווײַגנדיק אויסגעפירט אלצ, ווי מע האָט אימ געהײסנ, נאָר אפ קײנ רעגע האָט זיכ ניט געלאָשנ אינ אימ זײַנ ווילדע פרײַקײַט אונ וואכיקײַט, דער אויסדרוק פונ שטענדיקער איבערהאנט.

— וואָס שטײסטו פאר מיר, ווי א קאצ פאר א הונט? — האָט דער פעלדפעבל אײנמאָל ניט אויסגעהאלטנ אונ זיכ צעשריִענ אנ אופגעקאָכטער.

דובאָק איז געשטאנענ אינ אָרדענונג, ווי געוויינלעכ, ער האָט גאָרניט געענטפערט, נאָר די עטוואָס אײַנגעגראָבענע זײער שווארצע אויגנ דראָענדיק אָפנ צו דעמ, וואָס האָט גערעדט מיט אימ.

— איכ וועל דיכ אויסלערנענ...— האָט דער פעלדפעבל זיכ ניט געקאָנט שטילנ. אונ ניט צו פארשטײנ פארוואָס אונ פאר ווענ פלוצימ גענומענ שלאָגנ דעמ סאָלדאט אינ אויער, אינ די צײנ אונ אינ דער נאָז.

א פארגאָסענער מיט בלוט, האָט פאוועל שווײַגנדיק צוגענומענ די קלעפּ, איז געשטאנענ אראָפּגעלאָזט די הענט, זיכ ניט גערירט פונ אָרט, נאָר דער בליק אומגעוואקלט אָפנ, פול מיט סינע. ווילד אופגעבראכט, האָט דער פעלדפעבל נאָכ אונ נאָכ געגעריקט דעמ סאָלדאט, זיכ ניט געקאָנט אָפּשטעלנ.

— דו וועסט בא מיר ווערנ א ווײכינקער, ווי אנ אָניטשע...— איז ער ענדלעכ אָפּגעגאנגענ א פארסאָפּעטער.

דאָס איז פאָרגעקומענ אינ קאזארמע. א האלבע ראָטע האָט עס געזענ אונ געשטומט.

דער פעלדפעבל האָט דובאָקנ ניט געלאָזט צורו, אלעמאָל צוגעטראכט פאר אימ נײַע שטראָפנ, געשטעלט אפ שאָענ אונטער דער ביקס.

פאוועל דובאָק איז קײנמאָל ניט ארויס פונ דער אָנגענומענער דיסציפּלינ, נאָר דער גאנצער אויסזענ זײַנער, אלײנ דער שטעל פונעמ קערפּער, דער בליק האָט

גערעדט וועגנ אָנופהערלעכ־וואכנדיקער קראפט, וועגנ ניט אײַנגעבראָכענעם שטאָלצ. דער כעזשבנ צווישנ די צווייענ איז שוינ געווענ זייער גרויס.

עליע האָט נאָכגעקוקט נאָכ זייערע באַציִונגענ אומבאַמערקלעכ, ווי זײַנ שטייגער, נאָר אינ זיכ טיפ צערודערט. קעסיידער האָט ער געוואַרט, אַז אָט וועט באַלד עפּעס געשענ. אָט וועט פאַוועל פּלוצים אַרויס מיט אַנ ענטפער, ווי אַ שטורעם, אַפּ אַלצ, וואָס ער האָט ביז אַהער פאַרשוויגנ, און דענסטמאָל וועט זיכ אָנהויבנ עפּעס אויסערגעוויינלעכס. נאָר אַ וואָכ נאָכ אַ וואָכ און אַ כוידעש נאָכ אַ כוידעש זײַנענ פאַרגאַנגענ, און ס׳איז גאָר ניט געשענ, דובאָק האָט געשוויגנ. און עליע, וואָס איז געווענ מיט אים פונוויַטנ און האָט נאָר פונ דער זײַט זיכ צו אים צוגעקוקט, האָט פאַר זיכ מיט ביטערנ געפיל געטראַכט, אַז אָט איז עס נאָכאַמאָל דאָס, וואָס אים איז גוט באַקאַנט פונ לאַנג, יענער פינצטערער קויעכ, וואָס בויגט צו דער ערד, און דו קאָנסט מיט אים גאָרניט מאַכנ.

פונ אַלע סאָלדאַטנ אינ דער ראָטע האָט זיכ עליע אַמשטאַרקסטנ צוגעבונדנ צו וואַניאַ קאָלפּינענ — אַ באָכער מיט אַ מאָגער בלייכ פּאָנעמ און צאַרט־שמייכלדיקע אויגנ. זייערע געלעגערס זײַנענ געווענ איינס לעבנ אַנדערנ. וואַניאַ קאָלפּינ האָט גע־וווּסט אָנ אַ שיר געשיכטעס, אויסטראַכטענישנ, באָבע־מײַסעס, אַנעקדאָטנ, רעטע־נישנ, פריילעכע און שרעקלעכע, געפּעפּערטע און וווּנדערלעכע. פאַרנ שלאָפּ פלעגט ער שטילערהייט געוויינלעכ עפּעס דערציילנ. ס׳האָט זיכ באַ אים גאָרניט אויסגע־נומענ. עליע האָט אים האַרציק ליב געקריגנ. איטלעכ וואָרט קאָלפּינס, יעדע האַוויַע זײַנע האָט אים פאַרשאַפט פאַרגעניגנ.

— איכ פאַרענדיק די דינסט, האָב איכ באַלד כאַסענע מיט קאַטיענ, — האָט ער עליענ איינמאָל פאַרטרויט. — אַ נעשאָמעדיק מיידל, האָט מיר אָנגעשריבנ אַ בריוו. און דו האָסט עמעצנ אינדערהיים?

עליע האָט ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערנ.

— יאָ... ניינ... איכ ווייס ניט, זי שרײַבט ניט.

— מיסטאָמע האָט זי שוינ אַנ אַנדערנ, באַ זיי איז עס איינס און צוויי...

זומער, לאַגער־צײַט, האָבנ עטלעכע סאָלדאַטנ, צווישנ זיי עליע און וואַניאַ, פאַרנאַכטלעכ, שאַרע שאָ שטיל געשמועסט, דרייענדיק ציגאַרעלעכ מאַכאָרקע אינ אַ באַהאַלטעניש צווישנ געדיכטנ יונגוואַלד.

— פראָסט. ער איז אַרויס דרײַ טריט פונ דער שערענגע און האָט אַרײַנגע־שטאָכנ דעמ ראָטנעמ אַ באַגנעט אינ בויכ, לויט אַלע קלאָלימ, אַפּ דורכ און דורכ...

— און אים?

— קלאָר. אים האָט מענ דערשאָסנ.

— פאַוולושאַ וועט עס נאָכ אַמאָל אָפּטאָנ מיטנ פעלדפעבעל, איר וועט זענ מײַנ וואָרט.

— אינ פינפטנ יאָר האָט זיכ נאָכ ניט אַזוי אָפּגעטאָנ — איבער גאַנצ ראַסיי. און וואָס?.. צעשאָסנ, געהאַנגענ, פאַרשיקט, דערשטיקט.

— פאַראַנ, דערציילט מענ, אַזוינע, וואָס מאַטערנ זיכ אינ די טורמעס שוינ צו פינפ און צוואַנציק יאָר און גיבנ זיכ ניט אונטער.

— כ'האָב געהערט, די גאָר וויכטיקע האלט מען איטלעכנ באזונדער אינ א שטיינערנעם זאק.

— וואָס איז עס פאר א זאק?

— נו שטעל זיכ פאָר—א קײַלעכיקער אונ אנ ענגער, ווי א קוימען—א זאק, ניט צו ליגנ, ניט צו זיצנ, נאָר שטיינ קאָנ מענ דאָרטנ. אונ ס'איז פינצטער.

— אונ זיי גיבנ זיכ ניט אונטער?

— ניינ.

עליע האט ניט גענומענ קיינ אָנטייל אינ דעם שמועס, נאָר געהערט. אָט דעם זאק האָט ער זיכ גוט פאָרגעשטעלט. ס'האָט זיכ אימ געדוכט, אז ער איז דאָרטנ אינעווייניק. סע שטיקט, דאָס הארצ ווערט שיר צעריסנ, אונ ניטאָ פונ ערגעצ קיינ הילפ... נאָר די דאָזיקע מענטשנ, וואָס זיצנ דאָרט פינפ אונ צוואנציק יאָר פארשפארט אונ גיבנ זיכ ניט אונטער—ווער זײַנענ זיי, פונוואנענ נעמט זיכ צו זיי אזא אומענטשלעכער קויעכ?..

אינ איינעמ פונ יענע זומערדיקע טעג האָט עליע באקומענ א בריוו פונ דער היימ.

געשריבנ האָט, ווי שטענדיק, כײַע־ריווקע. דער אלטער איז גאָרניט געווענ קיינ שרײַבער. עליע האָט עס געוווסט. אימ אליינ אָט איצט, אז ער האָט געדארפט איבערלייענענ דער מאמעס געבראָכענעמ שריפט, איז אויכ אָנגעקומענ ניט גרינג. ער איז געשטאנענ אינ א זײַט מיטנ פאפירל אינ די הענט, אונ, פאמעלעכ, דורכשלאָגדיק א וואָרט נאָכ א וואָרט, דאָרשטיק ארײַנגעזויגנ דעמ אינהאלט.

„...לייקע דינט שוינ... מוישקע ארבעט בא איסער זשוק. צוועלפ קערבלעכ דעמ סעזאָנ... מייער האָרעוועט פונ פינצטער ביז פינצטער. אײַ, צי וועט מענ דערפונ האָבנ עפעס אפ ווינטער, איז ווייסטו דאָכ אליינ, מײַנ זונ, איכ דארפ דיר ניט דערציילנ... דער איינציקער כיִעס אינ שטוב איז די ליסע. איינעכטנ איז זי געקומענ פונ פעלד, האָבנ מיר געמיינט, אז שוינ, אָט־אָט פארבײַ. מע האָט געטאָנ מיטלענ, אונ גאָט האָט געהאָלפנ. ס'זאָל כאָלילע ווײַטער איר ניט שאטנ קיינ בייז... אונ איכ שיק דיר א פאָסילקע, א טרוקנ קעזל אונ קאָרזשיקלעכ פונ א פאָר פונט מעל. עס געזונטערהייט. שרײַב, צי האָסטו דערהאלטנ... אונ ווענ וועט מענ דיכ אָפלאָזנ, כאָטש אפ א פאָר וואָכנ"...

— יאָרש!—איז צו אימ צוגעגאנגענ א סאָלדאט פונ זײַנ ווזוואָד—וועגנ מילכאָמע שרײַבט מענ דיר גאָרניט?

— וועגנ מילכאָמע—מיט וועמענ?

— אָ, ווייסט זיי דער שווארציאָר, כ'האָב געקלערט, ביסט א ייִד, איז דיר באוווסט.

---

דער טויט האָט געבאלעבאטעוועט בא זײַנע מאשינעס צווישנ דונערנ, פלאמענ אונ רויכ. צוגנ נאָכ צוגנ האָבנ טאָג אונ נאכט איבער אלע ליניעס פונעמ לאנד אימ צוגעשטעלט מענטשנוואַרג אָפגעקליבענע, ווי ער דארפ.

די צוגנ זײַנענ געפלויגנ גיכ, זעלטנ ווו זיכ פארהאלטנ, אומעטום די ערשטע פאָרויס. אפ אומבאקאנטע לאָנקעס האָבנ פאסטעכלעכ בא געפלעקטע טשערעדעס

שטיל באגלייט זיי מיט די בליקנ. אפ אומבאוווּסטע סטאנציעס האָט מענ געווײנט, מעש־אָרקעסטערס האָבנ געשפּילט, צעעפנטע מײַלער האָבנ געשריִענ: „הורא!“... פארבײַ די צוגנ זײַנענ געלאָפנ צוריק פאסעקלעכ פעלד, ניט פארענדיקטע אינ שניט, אָרעמע, ניט אראָפגעפּירטע קאָפּיצעס, שטיבלעכ, געדעקטע מיט אָפגעבליאקע־ וועטע שטרוי, גרינע קופּאָלנ פונ קלויסטערס, צווינטערס מיט הילצערנע ציילעמלעכ, צעוואָרפענע דערפער, וועלדלעכ, בערגלעכ, טאָלנ.

„זײַ געזונט, פליסנדיק טײַכל אָנ נאָמענ, דו פליסט דאָכ ווײַט ביז צום בלויענ יאם...
זײַט געזונט, פויגלענ כשאטעס, איר פליט דאָכ ארום אונ ארום דער ערד...
טאָמער זעט איר, מײַנ מאמע קוקט אפנ וועג.
טאָמער טרעפט איר, מײַנ שוועסטער שווענקט גרעט באם וואסער,
זאָגט זיי:
אײַער זונ פאָרט אפנ פראָנט, ער וועט זיכ שוינ ניט אומקערנ...“

אזוי האָט אימפּראָוויזירט וואניא קאָלפּינ, דער מײַסעס־דערציילער מיטנ בלייכנ מאָגערנ פּאָנעם אונ די צארט־שמייכלדיקע אויגנ. ס'איז געווענ גענוג, ער זאָל עפע־ נענ דאָס מויל, אז עליענ זאָל צוקומענ א שטיק פארגעניגנ. איצט איז ער געשטאַ־ נענ אינ דער וואגאָנ־טיר, דער צוג האָט געיאָגט, ס'האָט געשײַנט די סאָפּ-זומער־ דיקע זונ, ער האָט גערעדט, ווי ער וואָלט זינגענ א ליד, אונ עליענ האָט זיכ געוואָלט וויינענ.

דער שטענדיק־ניכטערער דובאָק האָט ערגעצ אפ אנ אָפּשטעל זיכ אָנגעטרונקענ מיט פארבאָטענעם בראָנפנ. ער איז געזעסנ אינ א ווינקל נאָכ אײַנגעשלאָסענער, ווי שטענדיק, די סאָלדאטנ ארום האָבנ זיכ געטרייסט מיט גראָב־געזאלצענע רייד, מיט קינדערשע כאָכמעס, מיט געליארעמ פונ לידער. דובאָק איז געזעסנ אָפּגעזונדערט, געשוויגנ, אונ די אויגנ זײַנענ בא אים געווענ, ווי בא א וואָלפ.

אינ עפּעס א שטעטל אינ דער ליטע האָט מענ זיכ פארהאלטנ אפ א וואָכ. וואניא מיט עליענ זײַנענ געגאנגענ איבער די קלייטלעכ. אלצ איז געווענ אומגע־ ווײנלעכ טײַער, אונ זיי האָבנ ביידע אינײנעם פארמאָגט א רובל מיט זיבעציק קאָפּיקעס.

— אַז וואָס די זשידעס טוענ—איז ארויסגעגאנגענ א סאָלדאט אנ אופגערעגטער.
עליע האָט געזאָגט צום קרעמער אפ ייִדיש:
— ווי שעמט איר זיכ ניט אזוי באריַסנ א סאָלדאט?
דער קרעמער האָט אָפּגעענטפערט גאנצ טרוקנ:
— ווער באַרײַסט אים, זאָל ער ניט קויפנ.
קאָלפינ איז רויט געוואָרנ:
— וואָס רעדסטו מיט אים דאָרטנ—גיר־גיר, ווי מיר. רייד אזוי, מיר זאָלנ אויכ פארשטיינ.

עליע האָט זיכ דערפילט שטארק דערשלאָגנ פונ אָט די ווערטער קאָלפינס. ער איז געווינט געווענ, אז יעדער קער זײַנער אונ קנייטש זאָל ברענגענ שמייכל אונ ליכטיקײַט, אונ מיטאמאָל איז ער אזוי אומגעביטנ געוואָרנ. זיי זײַנענ שוינ געווענ ארויס פונ קלייט אונ זײַנענ נאָכ אלצ געגאנגענ צוזאמענ. עליע האָט געזאָגט:
— איכ האָב אים פירגעהאלטנ, לעמײַ ער באַרײַסט.

— ווער ווייס אײַכ דאָרטנ.

— דו גלויבסט מיר ניט?

עליע האָט גערעדט אָנ פּאַרב, ווי זײַנ שטייגער, אינעווייניק אָבער מיט גרויס מאַטערניש, ווי אונטער א שווערער לאַסט, וואָס איז ניט פאַר די קויכעס, נאָר מע מוז זי דערטראָגנ.

— פאַרוואָס?.. ער איז מיר ניט קיינ אייגענער, ניט קיינ פרײַנט. איכ בינ א פויער, ווי דו.

— א ייִד א פויער? — האָט זיכ קאָלפּינ פאַרכידעשט — ס'איז ווי א ציגײַנער א מאָנאַכ. כ'האָב עפּעס ניט געהערט.

— פאַראַנ אַזוינע ייִדנ הינטער קאַטערינאָסלאַוו, הינטער כערסאָנ, קאָלאָניעס...

— איז ווי, ארבעטנ זיי טאַקע אליינ די ערד?

— ווער אליינ אונ ווער מיט געדונגענע. איכ האָב שטענדיק געאַרבעט בא יענעם, געבאַטראַקעוועט.

— איכ אויכ, געווענ א פּאַסטעכ. זומער בא די בעהיימעס אונ ווינטער, ווי ס'מאַכט זיכ... מע זאָגט, די דײַטשנ גיבנ אונדז גוטע קלעפּ.

— אַסאַכ פאַרוווּנדעטע...

— מע וועט אונדז אויכ, מיכ מיט דיכ האַרגענענ אָדער אָפּדרײַסנ די פיס, אויס־ברענענ די אויגנ... איכ וועל זײַנ א הינקעדיקער, אונ דו א בלינדער. אַזוי וועלנ מיר ביידע גיינ איבער די הײַזער, איכ רײַטנדיק אף דיר... דער גאַלעכ האָט אַמאָל דערציילט אַזאַ מײַסע...

אינאָנהויב, אַז מ'איז אָנגעקומענ אינ שטעטל, האָט זיכ עליע דערפרייט — ער האָט דערזענ ייִדנ, דערהערט די היימישע שפּראַכ. ער איז אַפילע אינ איינעם א פאַרנאַכט, צווישנ מינכע אונ מײַרעוו, ארײַנגעגאַנגענ אינ א בעסמעדרעש, זיכ גע־דרייט אינ האַלב־טונקל צווישנ די רעדלעכ, וואָס זײַנענ געשטאַנענ אונ געשמועסט וועגנ דער מילכאָמע, אַרויסגעזאָגט סוואָרעס, איבערגעגעבנ זיכ קלאַנגענ פונ דעם נאָענטנ פראָנט...

— ס'איז דאָרט א פײַנע יאַטקע — אונדזערער שטעלט צו שאָפ, אונ יענער שנײַדט...

עליענ האָט עס צונויפגעקאָרטשעט — דאָס איז ער, דאָכ פונ די שאָפ!.. אונ איינצײַטיק האָט אים פאַרדראָסנ אף די רייד, אף דער קאַלטקײַט, מיט וועלכער זיי זײַנענ געזאָגט געוואָרנ. מע האָט געשמועסט וועגנ דעם, וואָס וועט זײַנ, אַז ס'וועט קומענ דער דײַטש.

— נו, וואָס וועט זײַנ. ערגער וועט ניט זײַנ.

איינער א פּאָליטיקער האָט געפּרוּווט געבנ צו פאַרשטיינ, פאַרוואָס דער דײַטש טויג נישט: בעלגיע... אונ ווײַטער — אף דער זײַט זײַנענ די פראַנצויזנ אונ די ענגלענדער. די דאָרטיקע ייִדנ — מיניסטאָרנ, באַנקירנ. נאָכ דער מילכאָמע וועלנ זיי אונדזערנ צווינגענ פירנ זיכ אַנדערש.

נאָר די איבעריקע האָבנ דערפונ ניט געהאַלטנ:

— עט... פאַרוואָס האָבנ זיי ביז אַהער ניט געצוווּנגענ?

ס'איז געווענ שוינ ווײַט נאָכ דער לעצטער ליכט פונ טאָג, פינצטער אינ

בעסמעדרעש. קײנ פּענעמער האָט מענ קימאט ניט געזענ. שאָטנס האָבנ זיכ געשאָקלט אונ גערעדט. עליע האָט זיכ צוגעהערט, אונ ס׳איז אימ געוואָרנ אלצ מער קאלעמוטנע אונ שווער. מ׳האָט געוואָרפנ אפ אימ בליקנ, געוואָרט, ער זאָל עפּעס זאָגנ, זיכ ארײַנמישנ אינ די רײד, נאָר ער האָט געפילט, סע ווארגט אימ, ס׳איז אימ ניט גוט מיט די מענטשנ. ס׳האָט אימ א ציי געטאָנ אוועק פונ דעמ אָרט, גיכער אוועק צו די זײַניקע, צו קאָלפינעג.

אינ גאס איז געווענ פויל אונ אומרויִק. א פראכט־מאשינ נאָכ אָנ פײַערנ האָט געפּאָרשקעט, געכריפּעט, געאקערט מיט צעקרימטנ גאנג די שטעטלדיקע בלאָטע. עליע איז געקומענ אינ זײַנ ראָטע פּונקט צומ אָוונט־עסנ. ער האָט גענומענ זײַנ קעסעלע אונ זיכ געשטעלט אינ דער ריי. די מענטשנ דאָ זײַנענ אימ געווענ נאָענט אונ קלאָר. א ברודערלעכע ווארעמקײַט צו זיי איז אימ צוגעפלאָסנ. ער האָט עס, ווי געווײנלעכ, ניט ארויסגעוויזנ מיט קײנ וואָרט, מיט קײנ באוועגונג, נאָר אימ אלײנ איז פונ דעמ געפיל געוואָרנ גוט.

פארנ שלאָפ האָט וואניא, ליגנדיק אפ זײַנ אָרט לעמ עליענ, געזאָגט:

— מע רעדט, אז פונ אײַערע איז דאָ אסאכ שפּיאָנענ...

עליע האָט זיכ צעטומלט, ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערנ דערופ. ער האָט געשוויגנ, געמאכט זיכ, אז ער שלאָפט שוינ. ווידער האָט זיכ אפ אימ אָנגעזעצט די ווארגנדיקע פינצטערניש.

אינגיכנ האָט מענ דעמ פּאָלק פונ שטעטל אוועקגעפירט. מע האָט דעמ עשאלאָנ אויסגעלאָדנ אפ א באנ־סטאנציע. ווײַטער איז דער צוג ניט געגאנגענ. ס׳איז געווענ נאכט, אונ באלד האָט מענ זיי ערגעצ אוועקגעטריבנ, ביז אינדערפרי האָט מענ געשפּאנט צופוס, בא עפּעס א כוטאָר האָט מענ זיכ אָפּגעשטעלט.

פארנאכטלעכ איז מענ ארויס צו דער פאָדערשטער פּאָזיציע. מ׳איז געגאנגענ גיכ אונ שטיל. געהערט האָט מענ נאָר א הודענ פונ טריט אונ פונ שינעלנ, ווי זיי קלאפּנ זיכ אָנ אינ די קני.

מע האָט לאנג אזוי געשלאָגנ די פיס איבער אנ אומבאקאנטנ וועג. די ארטילעריע האָט געשוויגנ. א קוילנוואָרפער צעטאראטאכקעט זיכ אונ הערט אופ. א ראקעטע־ליכט פליט אופ הויכ, העלט א ווײַל אונ פאלט אראָפּ. עמעצער האָט אויסגעשפּעטשעט:

— אָט דאָרטנ איז ער...

נאָר מ׳האָט ניט געזענ גאָרניט אויסער פינצטערניש. דער קוילנוואָרפער הערט זיכ אמאָל רעכטס, אמאָל לינקס. די ראקעטעס ווײַזנ זיכ אמאָל ווײַט, אמאָל נאָענט. אונ סע דאכט זיכ, ער איז ארומ אונ ארומ...

מ׳איז אראָפּ אינ א טראנשיי. עליענ איז די טיפ געווענ ביז איבערנ קאָפּ. פײַכטע ווענט בא בײדע זײַטנ, ענג, שטויסט זיכ אָנ אינ זיי בא יעדנ ניט־ריכטיקנ טראָט, א לאנגע גרוב אָנ א סאָפּ, וואָס האָט דיכ ארײַנגענומענ אונ פירט, אונ וועט שוינ ניט ארויסלאָזנ. אינאָנהויב איז זי געגאנגענ גראָד אפ א היפּשנ מעהאלעכ, דערנאָכ איז זי אוועק אינ א געבראָכענער ליניע, געדרײט אינ א זײַט אונ צוריק, ווי ס׳האָט געדאכט, אונ ווידער אינ א פארקערטער זײַט. די מענטשנ האָבנ זיכ באוועגט, ווי

מיט פארבונדענע איגנ, די גרוב אלײנ האָט זײ צוגעשטעלט, וווהינ זי האָט געוווסט אונ ווו מע האָט געדארפט.

מ'איז ארײַנ אינ א זעמליאנקע, דער געוועלב—נידע־ריק אפ די קעפ. א קאניצל האָט געררויכערט. עטלעכע פאָר פונ די אָנגעקומענע האָט מענ באלד פאנאנדערגעפירט אפ די פאָסטנ, צווישנ זײ אויכ עליענ מיט קאָלפינענ.

מע האָט זײ אוועקגעשטעלט פאר א שיס־עפענונג.

— אָט דאָ איז דער סוינע...

נאָר מ'האָט ניט געזענ גאָרניט אויסער פינצטערניש. פונ צײַט צו צײַט עפעס א שאָרכ, א טופ אינ דער פינצטער, עפשער שארט ער זיכ דאָרטנ, עפשער באגנוועט ער זיכ אונטער מיט גראנאטעס אינ די הענט?.. ס'קומט אזוינס פאָר, דערציילט מענ. דאָס אויג, דער אויער זײַנענ וואכ, אָנגעשארפט, ווי אפ א געיעג, די ווינטאָווקע אָטעמט, לעבט מיט די קלעפ פונ דײַנ הארצ.

ס'איז געווענ שטיל. פלוצים האָט זיכ די שטילקײַט צעריטשעט. די דײַטשישע ארטילעריע האָט אָנגעהויבנ באשיסנ די רוסישע טראנשייענ. ס'איז, ווײַזט אויס, צו זײ עפעס דערגאנגענ פונ דער באוועגונג דאָ אינ דעם אָוונט. די סנאריאדנ זײַנענ געפאלנ פונהינטנ, פונ די זײַטנ, אלע זייער נאָענט מיט געהויל אונ קוויטש אונ האק אינ דער ערד אונ אזוי נידעריק פארנ קלאפ, אז די לופט פונ אונטער זײ האָט געזעצט אינ די קעפ, אונ עליענ אונ קאָלפינענ האָט זיכ איטלעכ מאָל געדוכט, אז אָט איז עס אינ זײ, אָט צעטאָפּטשעט עס זײ. די קלעפ זײַנענ אָנגעקומענ געדיכט, האָבנ ניט געגעבנ קײנ אָפּ־ו, האָבנ צעטרייסלט אונ צעטראָטנ די לײַבער, געדרייט זײ, ווי די ווערים. ס'האָט געשטויסנ צו אנטלויפנ, אונ ס'איז ניט געווענ, וווהינ צו לויפנ. קאָלפינ האָט זיכ אנידערגעשטעלט אפ די קני, אײַנגעגראָבנ די פינגער אינ דער ערד אונ אזוי זיכ אָנגעטאָנ א קויעכ אײַנצושטײנ אפ אנ אָרם. ער האָט געייצעט עליקנ:

— האלט זיכ צו אינ עפעס, וועט דיר זײַנ גרינגער.

ראקעטעס האָבנ אָפּט באלויכטנ די פינצטערניש. עליק האָט זיכ געצווונגענ צו קוקנ גוט. ער האָט צונויפגענומענ די לעצטע טראָפּנס ווילנ, זיכ אָנגעשטרענגט, זיכ געפלײַסט ריכטיק אויספילנ זײַנע פליכטנ, ווי ער איז עס א גאנצ לעבנ געווינט געווענ אינ אלע צושטאנדנ, ווײַל טאָמער רוקנ זיכ טאקע צו דערווײַל יענע פונ דער אנטקעגנדיקער זײַט.

— בויג זיכ אײַנ, בויג זיכ אײַנ, איכ וועל אביסל קוקנ,—האָט וואניא זיכ אופגעהויבנ, אונ עליע האָט זיכ אראָפּגעלאָזט.

אזוי האָבנ זײ זיכ געביטנ עטלעכע מאָל.

די שיסעכײַ האָט געדוערט ניט זייער לאנג. ס'איז ווידער געוואָרנ שטיל. ביידע זײַנענ געשטאנענ אויסגעגלײַכט, אקסל בא אקסל אונ געקוקט אונ געווארט, עפשער הויבט זיכ עס ווידער אָנ. א געפיל פונ גליק האָט זיכ אינײנעם מיטנ בלוט פונעם הארצנ צעגאָסנ איבער זייערע אָדערנ. זײ זײַנענ דאָ, זײ זײַנענ גאנצ!.. אונ דערבײַ א דערמאָנ זיכ, א ציטער—אָט־אָט אנטלויפט זי, די קורצע רו.

קאָלפינ האָט געזאָגט:

— אונ וואָס וויל ער, דער דײַטש?

— ווער ווייס.

— ניט וויַיט פון אונדזער דאָרף ווינען דייַטשן, אקוראטנע מענטשן, לעבן ריין.

— מע שיקט זיי, גייען זיי.

— אזוי ווי מיר...

דאָ און דאָרט האָט זיך פון מאָל צו מאָל באוויַיזט א שיסעריַי. עליע האָט געוואָלט און ניט געקאָנט זיך אויסמאָלן, וויאזוי גייט דאָ די ליניע פון פראָנט. אין דער פרעמדער געגנט, אין דער פינצטערער נאכט איז אים געווען ניט קלאָר, פונוואנען מ'איז אָנגעקומען, וווהין מיטן פאָנעם מע שטייט. אלע ריכטונגען דאָ האָבן אים אויסגעוויזן איבערגעקערט.

מע האָט געביטן די קאראולן. ווי מיט פארבונדענע אויגן, איז עליע געגאנגען נאָך די טריט פון דעם פאנאנדערפירער; אין דער זעמליאנקע האָט ער זיך באלד אנידערגעוואלגערט. ער איז געווען זייער מיד, נאָר ס'האָט זיך שלעכט געשלאָפן. א מיִעסער אומרו האָט געמאטערט, א פייַנלעכע אָנשטרענגונג אופהויבן איבער דעם, וואָס סע טוט זיך, עפעס א שייַן פון געדאנק, נאָר ס'וויַיזט זיך ניט קיין שייַן. פינצטער. א פינצטערניש פון אלע זייַטן, ניטאָ וווהין זיך ראטעווען... ווידער יענער וואָרגנדיקער קויעכ! נאָר דאָ איז ער גרויס, ווי די נאכט, פול הימל און ערד... איינס נאָר—מ'איז ניט אליין. אָט זייַנען זיי הייַנטביידע געשטאנען מיט וואניען אפן פאָסט, ווייל געשטאנען, — ווי ברידער... , און די איבעריקע פון דער ראָטע, צי זייַנען אלע גאנצ ארויס פון דער שיסעריַי? קיינער האָט וועגן דעם ניט געהערט.

אפ מאָרגן איז געווען א כמארנער טאָג. א פאָר מאָל איז דורכגעגאנגען א דינ געדיכט רעגנדל. נאָכן אראָפגיין פון פאָסט איז עליע געזעסן אין א לאָך אין וואנט פון דער טראנשיי. די פייַכטע שינעל האָט געדריקט, און אויסטאָן זי—איז געווען קאלטלעך. איז ער געזעסן און געטראכט — הארבסט, בעסער וועט שוין ניט ווערן. מע דארף זיך ריכטן אפ נעצ און קעלט. קיין שוצ פארן לייַב איז דאָ ניטאָ און וועט ניט זייַן...

פארנאכט־צו האָט וואניא קאָלפין איבערגעגעבן א קלאנג, אז מע גרייט זיך צו אן אטאקע.

— פון הונדערט, זאָגט מען, בלייַבן צוויי־דריַי...

עליע האָט געשוויגן, געפלעט פון דעם, וואָס ער האָט געהערט.

— דאָ—האָט ער ענדלעך געזאָגט — איז נאָך ווי ניט איז, אָבער אין אָפענעם פעלד, פארשטייט זיך...

מיטאמאָל איז ליב געוואָרן די פינצטערע גרוב, אין וועלכער מ'איז געלעגן—פאָרט עפעס א באהעלטעניש, א נאָרע. זיי האָבן, אריבערקוקנדיק איבערן ברוסטווער, באטראכט דאָס אָרט, וווהין מע וועט דארפן ארויסגיין: נאָענט א קליין שיטער וועלדל, וויַיטער נאָכדעם אביסל בארג־ארופ שפרייט זיך א הוילער שעטעכ. פאר אָט דער הוילקייַט האָבן זייערע לייַבער זיך געקאָרטשעט אין שרעק.

דובאָק איז פארבייַגעגאנגען. ער האָט שטיל אונטערגעפייַפט א סאָלדאטיש לידל. וואניא האָט אים אָנגעיאָגט, א פרעג געטאָן, צי האָט ער געהערט, וועגן וואָס מע שמועסט.

דובאָק האָט געענטפערט קורצ:

— צוליב דעמ האָט מענ אונדז אהער געבראכט.

קינדערש בעטנדיק, האָט וואניא געזאָגט:

— שרעקלעכ... טויט...

— אונ וואָס האָסטו געמיינט—ווארעניקעס מיט קעז? טויט האָט מענ פאר אונדז אָנגעגרייט, אונ מיט טויט וועט מענ אונדז האָדעווענ.

אונ דובאָק איז אוועק.

באנאכט איז געווענ שטילער, ווי אלעמאָל, נאָר קיינער איז ניט געשלאָפנ. מע האָט געוואַרט. זיצנדיק לעמ עליענ, האָט וואניא געשעפטשעט:

— געדארפט אָנשרײַבנ א בריוול אהיימ, איז שוינ ניטאָ ווענ. מע זאָגט, פארטאָג וועט זיכ עס אָנהויבנ. נאָר אויב מירנ בלײַבנ לעבנ, וועסטו מיר אָנשרײַבנ — צו קאטיענ... ביסט א גראמאָטנער?

— ניט שטארק.

— א שאָכנס א מיידל—קאטיא הייסט זי. וויפל מאָל געלעגנ מיט איר אינ היי ארומגענומענ אונ ניט געטשעפעט, געזשאלעוועט... א יונגע זייער אונ, ווי א שטערנ, א ליכטיקע. איצטער טוט מיט איר, געווים, איטלעכער, וואָס אימ גלוסט זיכ.

עליע האָט געשוויגנ. סטיסיע האָט זיכ אימ דערמאָנט, אונ אלע בלוטנ האָבנ אימ צעגליט. ס'האָט זיכ געוואָלט פארוואַרפנ דעמ קאָפ אונ רופנ זי דורכ דער נאכט, רופנ אונ קלאָגנ זיכ, פארגיינ זיכ אינ קלאנגענ פונ ליבע אונ פײַנ.

סאָפ נאכט האָט מענ ארויסגעפירט די סאָלדאטנ אפ די אויסגאנג־פּאָזיציעס. דער קויעכ פונעמ אָנפאל האָט געדארפט באשטיינ אינ זײַנ האסטיקײַט. מ'איז געשטאנענ אינ דער פינצטער אונ מ'האָט געוואַרט. ס'האָט זיכ באוויזנ א רויטע ראַקעטע אונ פארשווּנדנ, אונ טייקעפ האָבנ זיכ צעדונערט די קאנאָנענ. נאָכ גאָר א קורצער ארטילערישער צוגרייטונג איז געווענ דער באפעל ארויס פונ די טראַנשייענ. די אָפיצערנ אונ די אונטערס האָבנ געטריבנ די אָפּגעשטאנענע.

צוגעקוועטשט צו דער וואנט פונעמ גראָבנ אונ אײַנגעקנוילט אינדרײַענ איז געשטאנענ עפּעס א טונקעלער שאָטנ. עליע האָט אימ דערקענט — א סאָלדאט פונ צווייטנ ווזוואָד. דער אָפּטייל־קאָמאנדיר האָט אימ געשטורכעט, אונ ער האָט זיכ ניט גערירט פונ אָרט. דער אָפּטייל־קאָמאנדיר האָט אימ געשלעפּט פארנ ארבל, געשטויסנ מיטנ פוס, געקנאקט מיטנ פויסט איבערנ קאָפּ, יענער האָט געשוויגנ אונ אלצ שטארקער זיכ געטולײַעט אינ זײַנ ווינקל. אזוי טרעפט מיט א פארוואָרלאָזטער קאצ, וואָס האָט זיכ ארײַנגעכאפּט אינ א פרעמדער שטוב פונ דער קעלט. מע יאָגט זי, מע שלאָגט זי, אונ זי וויל ניט אוועק.

דער ראָטנער האָט עס דערזענ. אנ אופגערעגטער האָט ער זיכ געשריִענ:

— מארש פאָרויס! די רעגע! כ'דערשיס דיכ, ווי א הונט!

אונ ער האָט אָנגעצילט דעמ רעוואָלווער.

פלינק אונ אָנ איינ פּיפּס, ווי א כײַע, האָט זיכ דער אײַנגעקנוילטער שאָטנ א וואָרפ געטאָנ אינ א זײַט צו דער נאָענטער זעמליאנקע אונ פארשווּנדנ אינ דער טיר־לאָכ. דער אָפיצער איז טייקעפּ ארײַנגעשפרונגענ נאָכ אימ, ארויסגעשלעפּט דעמ אנטלאָפענעמ באמ קאָלנער. דער סאָלדאט האָט זיכ אײַנגעשפּארט, נאָר קיינ קלאנג האָט

מענ אלצ פונ אים ניט געהערט. ער האָט זיכ אויסגעגליטשט פונ דעם ראָטנעמס האנט אונ איז אנידערגעפאלנ.

דער אָפיצער האָט אויסגעשאָסנ אינ דעם ליגנדיקנ.

אלע זײַנענ שוינ געווענ אויבנ. מ'איז איבערגעלאָפנ צום וועלדל. די דײַטשנ האָבנ שוינ געעפנט אנ אנטקעגנדיקנ פײַער. מע האָט זיכ אנידערגעלייגט הינטער די קוסטעס, הינטער די שטאמענ, געטוליעט זיכ צו דער ערד, אײַנגעגראָבנ זיכ אינ איר.

אינ ראש פונ דער שלאכט האָט דובאָק מיט קארג־אונטערגעהויבענעם קאָפ עמעצנ געזוכט הינטער די ביימער, שארפזיכטיק אויסגעקוקט מיט יעגערשנ אויג. געפונענ, וועמענ ער האָט באדארפט, האָט ער פארקערעוועט די ווינטאָווקע, גוט זי אָנגעצילט אונ אויסגעשאָסנ איינ מאָל אונ נאָכ א מאָל.

„אינ וועמענ שיסט ער עס, פאחלושא?״ האָט עליע א טראכט געטאָנ. „דאכט זיכ, אינ פעלדפעבל... אָט איז ער דאָכ אומגעפאלנ״...

מ'איז ארויסגעלאָפנ אינ פעלד.

מ'איז געלאָפנ צווישנ אופרײַסנ אונ רויכ. לײַבער זײַנענ גלידערווײַז געפלויגנ אינדערלופטנ. א זעצ. אנ אָנגעוואלגער פונ׳ פינצטערניש מיט שטיקער ערד איבערנ קאָפּ. עליע האָט זיכ צוגעבויגנ אונ זיכ אופגעהויבנ. ער לעבט... די אויגנ זעענ:

וואניא קאָלפינ ליגט א צעקאָשמעטער—שטיקער פלייש, געדערים אונ בלוט, באַזונדערס דאָס פאָנעם, ווײַס, ווי קאלכ, אינ דער פארטאָגיקער בלויקײַט, אָפגעקערעוועט פונ אלצ אונ אלעמענ, אפ אייביק שטיל.

„הורא־א־א!״... „הורא־א־א!״...

די פאָדערשטע האָבנ פארנומענ די דײַטשע פאָזיציע. מיט אלע קויכעס איז עליע נאָכגעלאָפנ ניט אָפצושטיינ. באם האלדז ווארגט, טרערנ גיסנ, אונ ער לויפט, אנ אונטערטעניקער צו זײַנ טייל, לויפט, דאָס מויל איז אים אָפנ, אונ ער קרעכצט אפנ קאָל:

— א... א... א...

— וואָס איז דיר?—האָט דובאָק א פרעג געטאָנ, ווענ עליע האָט זיכ פארגלײַכט מיט אים.—ביסט פארווונדעט?

— וואניא... וואניא...

— כ'האָב געזענ,—האָט פאוועל אים איבערגעהאקט שטרענג.

עפעס איז צוגעקומענ נײַס אינ דובאָקס געשטאלט נאָכ דעם אינדערפרי. וואכ אונ אומאָפהענגיק אינ זײַנ גאנצנ קערפער־שטעל, ווי שטענדיק, איז ער צוגעלאָזסער אונ מילדער געוואָרנ צו כאוויירים, איז פרײַער ארײַנגעטראָטנ אינ געשפרעכ. א שטרענגער ערנסט האָט זיכ באוויזנ אינ זײַנ פאָנעם, אנ אויסדרוק פונ פײַנלעכנ וויסנ.

עליע איז נאָכ דער שלאכט אומגעגאנגענ, ווי אינ א קרענק. דאָס הארצ האָט וויי געטאָנ, ס'האָט געוואָרגנ באם האלדז. קאָלפינס בלוי־ווײַס פאָנעם אינ פארטאָגיקנ טונקל איז ניט אָפגעטראָטנ. מיט געוויינטער האָרעפאשנער גרייטקײַט האָט עליע

ווי אלעמאָל, אויסגעפירט אלץ, וואָס פון אים האָט זיך געפאָדערט, איז דורך יעסורים און שרעק שטיל מיטגעגאנגען מיט זײַן טײל, ניט אָפגעשטאנען, זיך פון קיינע שוועריקײַטן ניט אויסגעדרייט.

א ייִדן מיט א הויכן קלאָרן שטערן, מיט ווייך־שווארצע באָרד און פייעס האָט מען פאר זײַנע אויגן דערשטאָכן מיט א באגנעט, ווײַל עמעצער האָט געזאָגט, ער איז א שפּיאָן.

אפ עפעס א בלאָטיקן וועג האָט ער באַגעגנט א גאנצע איידע מאנצבלען, פרויען און קינדער און אײַנגעבויגענע זקיינים אפ פורן און צופוס. ארויסגעטריבענע פון א פראָנט־שטעטל, האָבן זיי זיך מיד געשלעפט דורך רעגן און ווינט פון הארבסטיקן טאָג.

פארכלינעט מיט ווייַ ביזן האלדז, איז עליע געגאנגען, ווו מע האָט געשיקט, געטאָן, וואָס מע האָט באפוילן, געטאָגט און גענעכטיקט אפ די פעלדער פון טויט, ביז ער איז אין איינער א נאכט געבליבן ליגן, אָפגייענדיק מיט בלוט.

ס'איז געווען א פינצטערע וואָלקנדיקע נאכט. מע האָט גאָרניט געזען. נאָר די ערד האָט געקרעכצט, געכאָרכלט, געוויעט, געשריִען פון היץ. עליע האָט זיך אופגעכאפט פון זײַן פארכאלעשטקײַט, האָט ער עס דערהערט. ער האָט געפילט א ברענענדיקן ווייטעק אין זײַט. ער האָט געוואָלט אופהויבן זיך און ניט געקאָנט. עמעצער נאָענט האָט גערופן: „מאמא! מא־מא!“... עמעצער האָט הארציק שטיל געבעטן: „וואסער... וואסער“... אן אנדערער: „דערהארגעט... מוטשעט ניט... דערהארגעט“... עמעצער האָט הייזעריק געשריִען: „קאטעס!.. מעשוגענע הינט!..“ און געשאָלטן מיט די שענדלעכסטע ווערטער. עמעצער איז אופגעשטאנען, געשאָקלט זיך אינדערפינצטער עטלעכע רעגעס און איז צוריק אנידערגעפאלן. עמעצער האָט געפויזעט, געשארט זיך, ווי א וואָרעם, איבער דער ערד. אזוי ביז פארטאָג.

גאנצפרי האָבן די דײַטשע סאניטארן צווישן אנדערע פארנומען מיט זיך אויך דעם פארוווּנדעטן עליע יאָרש.

(פאָרזעצונג קומט)

---

ו. מאיאקאָווסקי

# די איבערגעזעסענע

קוים ווערט פון נאכט דער באגינען געבילדעט,
זע איך:
אַלע, אַלע
ווער אין הויפּט,
ווער אין קאַם,
ווער אין פּאָליט,
ווער אין בילדונג,
גייט דער עולם אין די אנשטאַלטן.
פּאַפּירן איניאָנים גיבן א רעגן,
קוים טרעטסטו אריבער די שוועל:
אויפקלײַבנדיק בא א מייע פּאַפּירן—
די רעגע
די אָנגעשטעלטע אפ זיצונגען צעגייען זיך שנעל.

דו מעלדעסט זיך:
„כ'גיי שוין פון ווען,
און ביזוואַנען?..
אַן אַאודיענץ באקומען קאָן מען?"—
„זיי זײַנען אפ א זיצונג,
דער כאָווער איוואַן וואַניטש,
אפ פאַרייניקונג פון טעא מיט הוקאָנען".
יאָגסט אפ די טרעפּ הער און הין
ס'לעבן גייט ניט־אײַן.
ווידער:
„א זיצונג—
וועגן אײַנקויפן טינט.
אין א שאָ ארום ט'מען געהייסן ארײַן".

אין א שאָ ארום
ווערסטו ווידער געוואָר:

ניט דעם סעקרעטאר,
ניט די סעקרעטארשע
געפינסטו ניט דאָס מאָל, —
אַלע ביז 22 יאָר
אפּ א זיצונג פון קאָמסאָמאָל.

איך וואַרף אפּ דער נאַכט אַ אומעטיקן בליק.
קריכן אפּן זיבעטן שטאָק קוים וואָס איך קאָן.
„האָט דער כאַווער איוואַן וואַניטש שוין זיך אומגעקערט צוריק?“ —
„אפּ א זיצונג
פון א־בע־ווע־גע־דע־יע־זשע־זע־קאָם“.
א צעבייזערטער
אפּ דער זיצונג
פליִ איך אַריין ווילד,
ביטערע קלאָלעס שיטנדיק געוויינטלעך.
און זע פאַר די אויגן
א שרעקלעך בילד:
זיצן האַלבע מענטשן אפּ די בענקלעך.
אָ, טײַוול!
וווּ זשע איז די צווייטע העלפט?
איך ריר זיך פון זינען:
„געקוילעט מיסטאָמע?
אופגעפרעסן וועלף?“
ענטפערט רויִק דער סעקרעטאר:
„זיי זײַנען אפּ צוויי זיצונגען מיטאמאָל.
דורכן טאָג
אפּ א זיצונגען דרײַסיק
דאַרפן מיר זײַן, ערן וואָרט.
בעמיילע מוז מען זיך צערײַסן!
ביזן גארטל דאָ,
און דאָס איבעריקע
דאָרט“.
פון אופרעגונג ווערסט ניט אנשלאָפן.
עס קומט דער באַגינען.
איך באַגעגן דעם באַגינען מיט א טרוים א שיינעם:
„עך! נאָך
איין זיצונג
וואָלט איך זיך פאַרגינען,
וועגן אויסוואָרצלען אַלע זיצונגען ביז איינער!“

1921 י. ײִדיש — מ. פישמאַן.

ה קאמענעצקי

# א סוינע

(פּאָעמע)

א לויטער־פרילינגדיקער טאָג. ס׳איז רוי די ערד.
א פרישקייט גיסט זיך איבער אפ די וועגן.
די רויִקע בעריאָזע ציטערט אופ און הערט
ווי ס׳קייַקלט זיך דער שטראָם אין אירע ברעגן.

א יאָז שנייַדט אופ אינמיטן טייַך דעם פלאַך,
פאר ווינטן און פאר שטורעמס ליגט דער וואסער אָפּגן
און דאָרטן אין א שכיינעסדיקן הויפ באם שליאַך
שווימט דורך א מענטשלעכער, א טיפ־צעקנייטשטער „פראָפיל.

אווראָם דער מילנער גייט. ס׳איז ער.
די ציינער איינגעקלאמערט איינע אין די צווייטע.
די צונג פארקרעמפעוועט. ער אָטעמט שווער.
אזוי־אָ גייט ער.

זינט ס׳האָבן אופגערוישט די פינפיאָרן אין לאנד,
געמאָלדן וועגן זיך אפ אלע שטעגן־וועגן,
אוועק פון קאנט צו קאנט
און מיט אווראָמען זיך באגעגנט.

מיט זייַנע מילן און סמאָליארנעס אים צעשיידט,
זייַן שעם צעטראָטן, —
פון דעמלט אָן און ווייַטער האָט זיך שווערהייט
א בייזע שווייַגעניש אין אים צעאָטעמט.

אָט גייט ער־אָ. זייַן קאָפּ איז גרוי. ס׳איז אלט זייַן בלוט,
נאָר בלוט איז ניט קיין וואסער:
ער האָט נאָך אלץ פון דעמלט אָן זיך ניט בארוט
און הערט ניט אופ צו האסן.

ער האסט די שטאָט, די זונ, דעם טײַכ,
די נאכט אונ דעם באגינענ.
אונ זי—די ווײַב זײַנע, מיט אים צוגלײַכ,
איז אויכעט אויסגעוויקסט אפ דורכ אונ דורכ אינ סינע.

ס׳קומט אָנ די נאכט. אונ ווייכ אונ קלאָר
צעוויקלט זיכ דער מילכ־וועג אינ די ספערנ,
וואָלט זי אינ הימל אויסדראפּענ ביז גאָר
די אײַנגעפונדעוועטע שטערנ.

אונ קומט דער טאָג. אונ רונד ארום
פאלט אָנ א ליכטיקײַט אפ גאָר דער געגנט,
וואָלט זי אינ הימל אויסרײַסנ די זונ.
נאָר ניינ—עס גליווערנ בא איר די נעגל.

אָט דאָ זאָל דערציילט ווערנ. ס׳לוינט צו דערמאָנענ,
ווי ס׳האָט זיכ דער גליווער בא איר אינ די נערוונ צעגאָסנ
אונ קרום זיכ פארשניטנ אינ פּאָנעם,
די ווערטער אינ גאָרגל פארשלאָסנ:

אנ אָפענע נאכט אונ א ליכטיקע נאכט איז געווענ דאנ.
אונ ווינטנ פולסירנ. עס דויערט דער גאנג פונ די שטערנ.
א שאָד, וואָס מע קענ זיכ צו קיינעם ניט ווענדנ,
אז נעכט אָט אזעלכענע זאָלנ זיכ מערנ אונ מערנ.

די אונטערשטע שורע—אינ קיכ איז זי דעמלט געשטאנענ,
עס האָט מיטנ גאנצענעם קויעכ דער פרימוס געהודעט
אונ פלוצלונג—וואָס איז דאָס? פונוואנענ? —
אפ יענער זײַט שוועל—א גערודער.

ס׳רוישט דורכ פארבײַ פענצטער אנ אוטאָ, א צווייטער, א דריטער.
אונ ווינטנ צעוואלגערטע ברעכנ זיכ אונטער די רעדער.
ס׳האָט אויסגעזענ דעמלט, ווי ס׳וואָלט א געוויטער
באפאלנ די הויכע ארומיקע סעדער.

אונ זי האָט זיכ הארט צו א שויב מיטנ בליק צוגעזויגנ.
געזענ ווי עס שוידערט אפ יענער זײַט שליאכ די בעריאָזע.
געקוקט ווי עס האָבנ זיכ צענדליקער־אוטאָס געצויגנ
צום נאָענטנ וואלד, ווו דער נײַער זאווואָד ווערט געלאָזנ.

„א בראָך צו איר וועלט,
זיי וועלן דאָרט טרײַבן דעם טײַערסטן מין שפּיגינאָר".
און עפּעס א היץ און א קעלט
פארפלייצט אירע שלייפן, נעמט וויכערן אונטער די האָר.

„אז אָך און אז וויי איז צו איר,
אמאָל האָט אווראָם דאָרט געהאלטן סמאָליארנעס אין
וואלד".
זי גיט זיך אין פענצטער א ריר.
און הערט ווי דאָס בלוט אין די אָדערן פאלט.

אָט זעט זי: א כאָפּטע מיט געסט פון דער נאָענטן גייט,
צו איינעם אן עלטערן קריכט די לעחאָנע אין באָרד,
אין מויל בא א ייִנגערן שניצן זיך, טאָקן זיך רייד,
אין האנט בא אן אנדערן וויגט זיך א טאָרט.

און דאָ האָט א בייזקייַט בא איר אונטער בליק זיך
צעלייגט,
דאָס בלוט האָט אין איינעם אן אָדער זיך אָפּגעשטעלט—
סטאָפּ.
דער שטערן האָט איינמאָל און צוויי מאָל אראָפּ זיך
פארנויגט
און ס'איז שוין צעעפנט דער אָדער אין קאָפּ...

ניט גוט. ס'פאלט איר גוף. ניט קיין גוף, נאָר א שטיין...
דער מויל אָן א זײַט איז אוועק,
עס האָט זיך דער לאָשן פארלאָשן בא איר אפ די ציין
און קאָלע געוואָרן אין דר'ערד אפן דעק.

אָט דאָס איז אנומלט געשען. איז איר וויי, איז איר ווינד.
איצט ליגט זי, ווי צוגעשרויפט וואָלט זי געווען צום בעט.
און טאָג איז. די זון קומט אין פענצטער. אין הויף קומט
א ווינט,
און דאָ אין פּאָעמע קומט אָן דער סיוזשעט.

1

וויפל אזייגער?—צוואנציק אפ צוועלפ.
עס זוכט די לעוואָנע איר צווייטע העלפט.

איך האָב די פענצטער אופגעפראלט ברייט,
הער איך—א לופטיקער ווינטל גייט.

גוט—ס'איז געוואָרן אי קיל, אי פריש,
זיצן מיר אַלע און לאַכן באַם טיש:

די ברידער און שוועסטער, כאַווײרים, איך
און ס'פּלעסקעט באַ אונדז עלעקטרישע ליכט.

נאָר אויב אין די אָדערן רינט דאָס בלוט,
אויב דיר איז אַפּ אַלע אויפּאַנים גוט.

וואָס טוט מען אין די־אָ מינוטן, וואָס?
טראַכט איך און טראַכט און די ראַויאָ כ'לאָז.

מיר זיצן באַם טיש. מיר הערן זיך אײַן:
אַ שטים דורכן רופֿאָר ברעכט זיך אַרײַן.

און וואָלטן מיר אַלע נאָך לאַנג געהערט,
האָט אונדז אוראָם אינמיטן צעשטערט.

ווי ס'האָט אָפּגעקלונגען די שטים אָן דיל.
ווי מיר זײַנען אַלע געזעסן שטיל,

זע איך—אַ שאָטן אין פענצטער שווימט,
איך גיב זיך אַ הויב—דער שאָטן פאַרשווינדט.

איך—נאָכן שאָטן. און ווי איך ביי,
זע איך: דרײַ מענטשן שפּאַנען אַזוי.

אײנער—אוראָם—אין זײַן גאַנצער גרויס
שפּאַנט, ווי אַ שטאָק־שוואַרצע פּאָן פאָרויס.

און די לעוואָנע ריזלט געדיכט
אַפּ זײַן צעקנײטשטן דאַרן געזיכט.

שפּאַנט ער און הײבט די אויגן צום ראַנד,
שפּאַנט ער און האַלט אַ שוואָרן אין האַנט.

איך בין געווינט פון אַלעמאָל אָן
שטעלן דעם אײגענעם קאָפּ אין קאָן.

האָב איך אַפּ דער ערד געפונען אַ שטיין,
נאָך אַלעמען דרײַ זיך געלאָזן גיין.

איך ווייס דען ווהין? איך גיי אין דער נאכט.
מיך פירט אין דער פינצטערניש איין פארדאכט:

אז אָט וועלן זיי פארקערן די טריט,
זיי וועלן צום הויז אוועקגיין באדריט,

צום הויז, וווּ עס לעבט דער מיטגליד פון ציק,
דער היגער ארבקאָר מיטן שארפן בליק.

איוראָם וועט דער ערשטער אריין אין הויף,
אווראָם וועט זיך אויסבויגן ווי א ריף.

לויט אלע געהעריקע קלאָלים וועט ער
דעם שוואָרן אין האנט דערלאנגען א קער.

אָט איז שוין דאָס הויז און אָט איז די טיר,
א שטערן האקט דורך דעם בריטן עפיר.

נאָר זיי זיינען אלע אראָפּ פון וועג,
געמיטן די הויז און ווייטער אוועק.

געעפנט א טיר. עס ציטערט אויף שיין.
אין עפעס א שטוב זיי גייען אריין.

וויפל אזייגער?—שוין איבער צוועלף.
עס זוכט די לעוואָנע איר צווייטע העלפט.

עס ליגט די בעריאָזע גלאט און געראם.
אף דער בעריאָזע—א פליט און א פלאם.

און שוין איז דער קענטיקער פלאם אפן פליט,
נאָך טויזנט מאָל שענער פון מיינער א ליד.

2

אַן אנדערשמאָל באם אָפשיין פון דער זון,
ווען ס'נעמט זיך אָן די ערד מיט ווארעמקייט, מיט
קרעפטן,
וואָלט איך א גליקלעכער געוועזן און — — —
נאָר מאלע וואָס אַן אנדערשמאָל קאָן טרעפן.

האָט געטראָפן דאָך, אז אָט האָב איך
אין דער נאכט אפ דורכבראָך זיך געלאָזן,
איך האָב א שטיין געטוליעט הארט צו זיך,
איך האָב געלוגט, געשורשעט אין די לאָזעס.

און וואָס?—אָט האָבן זיי די שטוב פארשפארט,
מיט פײַער אָנגעלאָדן שטייט א לאָמפ אינמיטן.
אוודאָמ האָט אין א ווינקל זיך פארשארט
און אויסגעטאָן דאָס היטל.

אין אלע אייוורים זײַנע קלאפט דאָס בלוט,
עס שלײַדערט זיך זײַן בלוט אין דער אאָרטע,
ער ווייס ניט איצט צי שלעכט איז אים, צי גוט,
ער טאשט נאָר אינדערשטיל א טאליע קאָרטן.

„זאָל זײַן אזוי—הויבט אופ אוודאָמ א גלאָז
מיט בראנפן ליכטיקן און קלאָרן —
זאָל דאכטן, ס'איז די שטוב א מײַאָראטנער שלאָס
און יעדערער פון אונדז, זאָל דאכטן, איז א סראָרע".

„זאָל דאכטן, אז די נאכט איז ווינטערדיק און לאנג,
אז ס'לויכט אין שלאָס א לאָמפ פון הונדערט טויזנט זונען
און מאָלט אײַך, אז דוקאטן לייגן זיך אין באנק
און איך האָב אן אפוויטיקע בא אײַך געוווּנען".

„און ס'גייט און ס'יאָגט די שפיל אין היימלעכקײַט,
אין שײַן
און כ'גיי ניט ווייניקער, ווי א דוקאט, אן אָקע,
זאָל זײַן, ס'איז אָט דער בראנפן געסטאלירטער ווײַן
און מיר—מיר זשליאָקען".

„איר הערט, ווי ס'פויקט אפ דער וואקאַליצע, ווי ס'האקט?
דאָס קלאפן מײַנע פערד אפ יענער זײַט בעריאָזע,
זיי הילכן אפן זאמדיקן פאטשטאָווע טראקט,
דאָס האָט טימאָך מײַן קוטשער זיך צעלאָזן".

ס'איז וועסנע, מיט בוטשאנעס איז שוין פול דער קאנט,
אין לופטן ווערט מיט יעדן טאָג אלץ הייסער,
ס'וועט באלד מײַן זון דער יונגער פאבריקאנט
צו מיר אראָפפאָרן פון קראָך אפ פייסעך" — — —

נו, ווי זשע אנדערש, רעב אווראָם, געוויס —
הייסט שפאנען נאשפּיצ דריַ פּאָר אָגערס האָנאָראָווע,
טימאָכ זאָל אָנטאָן נײַע שטיוול אפ די פיס,
זאָל ער דעם גאסט אראָפּברענגען מיט גרויס הארכאָווע.

ס'איז אײַער זונ דער פאבריקאנט ניט טויט,
ס'האָט די טשעקא אים ניט צעשאָסן.
ער לעבט, ער האָט א זאטנ שטיקל ברויט:
מע זאָגט, אז ער איז בא הימלערנ א מאָסער.

הערט אויס: אינ זיבעצנטנ יאָר, סאָפּ הארבסט,
געדענק איכ, איז געווענ בא אײַכ אינ שטוב א קאָטער.
האָט אים פארגודזעט איינמאָל אפנ הארצ,
זעקס טעג האָט אים געקלאמערט די נודאָטע.

איז ער אוועק א קראנקער אינ א הלוכנ וואלד,
דערשלונגענ אפּדערנאכט א רויע זשוראווינע,
האָט אים די זויערקײַט א קנאק געטאָנ אינ האלדז
אונ ס'האָט דער קאָטער זיכ גערירט פונ זינענ.

וואָס זאָל ער טאָנ? ער וויס דענ וואָס צו טאָנ —
ס'איז די בעריאָזע מיט א רויקײַט באשלאָגנ,
דער קאָטער לאָזט זיכ שווימענ אפּ א שפּאָנ
אונ ער האָט שווימענדיק א קלאנג צעטראָגנ.

אז ער אליינ מיט זײַנע אויגנ האָט געזענ
ווי ס'איז א קויל אינ אײַער זונ ארײַנגעגאנגענ
אונ איר, וואָס האָט מיט באָכמע אפנ קאנט געשעמט,
איר האָט געגלויבט אינ אָט די אלע קלאנגען.

וואָסער קויל, וועלכע קויל, וואָסער קלאנג, וועלכער
קלאנג.
זאָל אײַכ דאכטנ, ס'איז פּייסעכ: אינ שטאָט בײַם דער
יאָנטעוו
אפ א הויכנ אלטמאָדיש-געהויבענעם גאנג.
אײַער קוטשער טימאָכ אינ א קאָרטענעם אָנטאָנ
איז געקומענ ווי שטענדיק אפ קיבעד צו אײַכ,
איר זײַט גוואלדיק ווי רײַכ.

ס'איז מיט אימפעריאלנ געפאקט אײַער טײַסטער.
שטעלט איר ווײַנענ אוועק אָנ א צאָל, אָנ א מאָס,
אָט שווימט אונטער צו אײַערע ליפנ דער קאָס
אונ די הויזגעזינד זשליאָקעט אונ נאָכדעם פארבײַסט מענ,
נאָר טימאָכ אפ באנעצנ דעם טרוקענעם גומענ
האָט אינ קיכ די אסאָראָ מאקעס באקומענ...
וואָסער קיל, וועלכע קיל. איצט איז פייטעכ אינ שטאָט.
ס'רוט דער יאָנטעוו אינ אײַער מעיושעוונ טראָט.
איר זײַט רײַכ אונ איר קענט זיכ פארגינענ דעריבער
אײַער אָנשטענדיק־גווירישנ הויז ניט פארשעמענ
מיט געהויבענעם קיבעד
אונ מיט שיינער באנעמונג...

3

באגינענ. אוורום האָט אהיים זיכ געלאָזנ.
ס'איז פרילינג. אונ פרילינג-צײַט רוישט דער באגינענ.
אוורום שטעלט זיכ אָפ לעם א ווײַסער בעריאָזע,
ווּ ס'וויקלענ זיכ בלעטער אינ פײַערנ גרינע,
ווּ ס'מישט זיכ אינ לופטנ דער רייעכ פונ לאָזע,
נאָר ס'קענ זיכ דעם פרילינג אוורום ניט פארגינענ.
ער לאָזט זיכ אהיים. ווינט אונ פרישקײַט אונ גראָזנ.
ער רויכערט אונ קענ זיכ קיינ רו ניט געפינענ.

אונ טאקע: א מענטש האָט א נאכט ניט געשלאָפנ.
אינ האנט זײַנע פריילעכע אונטערס געלאָפנ.
עס שורשענ טשערוואָנצעס פארפלעקטע אונ קויטיקע,
ווערט שפעט. ס'איז דער בליק שוינ מיט רויטקײַט
באלאָדנ...
צום סאָפ האָט ער נעבעכ אָנשטאָט אנ אפויטיקע
געווונענ קאדאָכעס מיט קאָשערע פאָדעם.

ס'איז, אלזאָ, פרילינג. דער באגינענ פינקלט.
די לופט איז דורכגעקלאפט אפ דורכ אונ דורכ מיט שײַנ,
דער טאָג קומט אָנ אונ פלאטערט אופ אינ יעדנ ווינקל,
נאָר קיינ פארנאָסע וועט אויכ הײַנט ניט זײַנ.

אונ אָט איז שוינ דער בריק. אונ די בעריאָזע ריזלט.
„דו הערסט—פארטראכט ער זיכ—מע זאָגט, אז דו ביסט רײַכ,

נאָר זינט די פּיאַטילעטקעס האָבן זיך באַוויזן
איז דיר פאַרבליבן איינס—פון בריק אין טײַכ.

„האָסט פולע הלאַדישן, פאַרגראָבענע מיט פערל
און הינטער אויוון אין א לאָכ—א פולן טאָפּ מיט גאָלד,
נאָר וויפל זאָלסט ניט טראַכטן, וויפל זאָלסט ניט קלערן,
אַפ דעם וועט קיין פראָצענט ניט וואַקסן ווי אַמאָל.

„דו וועסט מיט רײַכקײַט מער ניט גלאַנצן און ניט בליצן
און וועסט קיין גאָלד ניט זשעברעווען אַפ לינקס און רעכטס.
אַזוי־אָ וועט דיר אויסקומען לעם אויוון זיצן
און שוים אַראָפּצונעמען פון געקעכטס.

„וועסט קוקן ווי דער זומער ליגט אין הויף און סאַרפעט,
און ווי פון אַלטקײַט ציט זיך אויס דײַן נאָז,
נאָר ווי א האַק וועסטו דײַן סינע שאַרפן.
וואָס נאָכ פאַרמאָגנסטו אויסער סינע, וואָס?

„האָסט א שטוב, א הויף מיט שטאַלן,
זײַנען זיי מיט פוסטקײַט פול.
אַלץ פאַרלאָרן, אַלץ פאַרפאַלן,
זאָל דײַן סינע פּלאַצן דול.

„ווער צעזעצט און ווער צעפּאָקעט,
פאַליען זאָל דײַן גאַנצער קאַס
און זאָל ברענען ווי אַפ פּאָקן
דײַן אַכזאָריעסדיקער האַס.

„אָדער עפּשער אַלץ פאַרגעסן
און צעשפּאַלטן זיך דעם קאָפּ?
נעם א דלאָטע, כאַפּ א מעסער
און דײַן לעבן האַק זיך אָפּ.

„שטעל זיך אָפּ אין האַלדז דעם אָטעם
און די שלייפן ברעכ זיך אויף,
אין א ברונעם, אין א בלאָטע
וואַרף אַרײַן, דערטרינק דײַן גוף".

— — — — — — — — —
— — — — — — — — —

— — — — — — — — —
— — — — — — — — —

און אָט איז שוין די שטוב זײַנע באַם שליאַך,
און די געשניצטע אָפענע וועראַנדע
און איבערן אַרײַנגאַנג אונטער דאַך
דאָס בלעכל מיטן אויפשריפט: Саламандра.

נאָר ס׳ווערט אים אָט די שטוב דערווידער מיטאַמאָל:
„איז עפשער, האַ?
א פליוכע טאָג מיט גאַזע אונטער אַ אויהאָל
און אָפּנעמען סטראַכאָווקע פון קאַזנאַ?...“

(פֿאָרזעצונג קומט)

---

ל. פויכטוואַנגער

# נעראָנס טויט *)

די יעדיִע, אַז זייַנ גובערנאַטאָר אינ פראַנקרייַכ בונטעוועט, אונ האָט אים דער־קלערט פאַר אַראָפּגעוואָרפנ, האָט דער קייסער נעראָנ באַקומענ דעם 19־טנ מאַרט אינ נעאַפּאָל, ווו ער האָט מיט קונסט, קאַוואָנע אונ דערפאָלג געשפּילט דאָס שטיק־עדיפּ.

נעראָנ האָט געלאַכט. צו זייַנע פרייַנט האָט ער געזאָגט, אַז דער אופשטאַנד אינ פראַנקרייַכ קומט אים איצט צוניץ, איצט האָט ער אַ גוטע געלעגנהייַט אויסצורויבנ אָט די רייַכע פּראָווינצ לויט דער רעכט פונ קריג אונ מיט אירע אויצרעס אָנפילנ זייַנע ליידיקע קאַסעס.

נאָכ האַלבנ טאָג איז ער אַוועק אינ צירק אונ מיט אינטערעס בייַגעוועג בא די פאַרמעסטונגענ פונ די שווערע אַטלעטנ. בייַ דעם אָוונט־מאָלצייַט זייַנענ אָנגעקומענ נאָכ מער אַליאַרמירנדיקע דעפּעשעס פונ פראַנקרייַכ. דער קייסער האָט אָפ זיי קייַנ אַכט ניט געלייגט. נאַכלעסיק דורכגעקוקט, צעריסנ אונ געשאָקלט מיטנ קאָפּ איבער זייַנ מעשוגנע געוואָרענעמ גובערנאַטאָר.

אַ גאַנצע וואָכ איז אַריבער אונ ער האָט קייַנ שום מיטלענ ניט אָנגענומענ.

ווענ זייַנ קאַבינעט־שעפ האָט אים פּאָרזיכטיק געגעבנ אָנצוהערנ, צי עס וואָלט ניט געווענ געווונטשנ אַרויסצוגעבנ אַ פאַראָרדענונג צו די מיַירעוודיקע אַרמייענ, אָדער צו די סאָלדאַטנ, וואָס זייַנענ באַשטימט געוואָרנ אַוועקצומאַרשירנ אינעם אָריענטאַלישנ פעלד־צוג, אָדער עפּשער אַוועקשיקנ אַ פּאָרשטייער אינ סענאַט, האָט דער קייסער דערקלערט, אַז ער וויל אינ צענ טעג אַרום ווידער אופטרעטנ אינ טעאַטער אונ ער האָט דעריבער ניט קייַנ, כיישעק זייַנ אָטעמ אונ זייַנ שטימע צו פאַטערנ אָפּ אַזאַ לעפּישער אונ מעשוגענער זאַכ, ווי דער אופשטאַנד אינ פראַנקרייַכ. זייַנע מיניסטאָרנ האָט פיל מי געקאָסט ביז זיי האָבנ אים באַוויגנ דערצו, אַז ער זאָל באַשטימענ אַ פּרייַז פונ צענ מיליאָנ פאַר'נ קאָפּ פונעמ אופשטענדלערישנ גובערנאַטאָר אונ, אַז ער זאָל אָנשרייַבנ אַ בריוו צום סענאַט.

דעמ סענאַט האָט ער מיטגעטיילט, אַז צוליב זייַנע האַלדז־ווייטעקנ קאָנ ער פּערזענלעכ ניט קומענ קייַנ רוים אונ ער מוז דעריבער שריפטלעכ אופאָדערנ די אַלטישטקע זיי זאָלנ פאַר אים אונ דעם סענאַט אַליינ ווי געהעריק איז אָפּצאָלנ.

*) אַ קאַפּיטל פונ ל. פויכטוואַנגערס בוכ „דער פאַלשער נעראָנ“.

די דעפּעשעס פונ מײַרעוו זײַנעג אָבער קעסיידער געוואָרנ דראָענדיקער אונ דער קייסער האָט זיפּצנדיק געמוזט באַשליסנ אַליינ צו צעשטערנ זײַנ קונסט־ריַיזע אונ אומקערנ זיכ קיינ רוים.

נאָר איצט אפילע, ווײַטער צוליבנ פארופנ זיכ אפ זײַנ הייזעריקײַט אונ האלדרווייטעקן, האָט ער אויסגעמיטנ צו דערשײַנענ אינ סענאט, נאָר האָט זיכ באַנוגנט דערמיט, וואָס ער האָט די וויכטיקסטע מיטגלידער פונ אָט דער קערפּערשאפט איינגעלאדנ צו זיכ אינ קייסערלעכנ פּאלאצ.

ווענ זיי זײַנענ אינ אײַלעניש געקומענ, האָט ער אָבער מיט זיי וועגנ פּאָליטיק ניט גערעדט, האָט זייער פיל אונ אויספירלעכ גערעדט וועגנ די פארבעסערונגענ, וואָס דער גרויסער אָרגל־בויער קטעסיב פונ אלעקסאנדריע האָט, לויט זײַנ אייצע, געמאכט אפ זײַנע וואסער־אָרגלענ. אינגיכנ האָט ער געזאָגט, האָפט ער, אייניקע פונ די נײַע אינסטרומענטנ אײַנצופירנ. „אויב, פארשטייט זיכ, דער גובערנאטאָר פונ פראנקרײַכ וועט עס דערלויבנ", האָט ער צוגעגעבנ מיט א געלעכטער אונ דאָס איז געווענ אלצ, וואָס ער האָט געהאט צו באמערקנ וועגנ דער לאגע. דעם זעכצנטנ אפּרעל איז אָנגעקומענ א ידיעה, אז גענעראל גאלבא, דער גובערנאטאָר פונ שפּאניע, האָט זיכ סאָלידאריזירט מיט זײַנע אופשטענדלערישע קאָלעגנ אינ פראנקרײַכ, אונ איז דערקלערט געוואָרנ אלס קייסער דורכ זײַנע מײַרעוודיקע ארמייענ.

אפנ זיבעצנטנ אפּרעל האָט נעראָנ פארבעטנ די אָנפירנדיקע מענטשנ פונ רוים צו א באנקעט. אפ דעם באנקעט אָבער האָט ער בא דער באגלייטונג פונ א צינישער מעלאָדיע דעקלאמירט א וויציקנ קופּלעט אפ דיביידע אופשטענדלערישע גענעראלנ. ער האָט זיכ זייער געפרייט, ווענ מע האָט אימ שפּעטער אָפּגעגעבנ א באריכט, אז די גאנצע שטאָט זינגט דעם קופּלעט.

דער קייסער נעראָנ איז דעמלט אלט געווענ דרײַסיק יאָר. ער האָט באוויזנ, אז ווענ ס'איז נייטיק, קאָנ ער האנדלענ מיט א שטארקער האנט, אָבער די מאָסמיטלענ קעגנ דעמ וואָס ווײַטער אלצ מער זיכ אויסשפּרייטנדיקנ אופשטאנד אינ מײַרעוו, האָט ער אָנגענומענ מיט א מערקווירדיקער שפּילערישער גאכלעסיקײַט. עפּשער האָט ער זיכ געפילט זיכער, אָדער עפּשער איז ער געווענ צו טיפ איבערצײַגט אינ זײַנ גליק. זײַנ מיליטער־קאבינעט האָט אָרגאניזירט נײַע טיילנ פאר דער אָריענטאלישער אונטערנעמונג, ווו זײַנע סאָלדאטנ האָבנ מארשירט קיינ צאָפנ־איטאליע אונ האָט געמאכט פּרוווּנ דאָרט צו שאפנ א נײַע ארמיי. אָבער די ווידערשטאנד־מאָסמיטלענ האָבנ זיכ געצויגנ אָנ א ווּעלכנ עס איז שוווּנג. די מיניסטאָרנ אונ גענעראלנ האָבנ זיכ געפילט אָפּהענגיק דורכ דעמ קייסערס זאָרגלאָזיקײַט. דער קייסער האָט זיכ באנוגנט מיט אונטערכאסמענע די דאָקומענטנ, וואָס מע האָט אימ פאָרגעלייגט, מע האָט אימ אָבער ניט געקאָנט באוועגנ דערצו, אז ער זאָל איבערנעמענ די קאָמאנדע איבער די נײַ־אויסגעפאָרמירטע ארמייענ אונ זיכ שטעלנ אינ זייער שפּיצ קעגנ די אופשטענדלער. זײַנע ראטגעבער, ווענ זיי האָבנ אימ אופגעפאָדערט ער זאָל עס טאָנ, האָט ער געענטפערט, אז עס איז קליגער, ווענ ער וועט זיכ אליינ, ניט באוואָפנטערהייט, באגעגענענ מיט די מײַרעוודיקע ארמייענ אונ, ווענדנדיק זיכ צו זיי מיט א קינסטלערישער רעדע, אומקערנ זיי צוריק צו דער אלטער געהאָרכזאמקײַט—„ווערטער זײַנענ שטארקער ווי געווער"—האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעכאזערט.

ער האָט זיך איבערהויפּט ארומגעטראָגן מיט ליידיקגייערשע, ראָמאַנטיש־העפקערדיקע פּראָיעקטן. עפּעס האָט ער גערעדט וועגן דעם, אַז מע מוז דורכפירן אַן עקזעקוציע איבערן סענאַט און אויך איבער דער גאַנצער באַפעלקערונג פון דער שטאָט רוים, ווײַלכער מע קאָן ניט געטרויען; אַמווינציקסטנס איבער אַלע אײַנוווינער פון פראַנצויזישער אָפּשטאַמונג. דערנאָך ווידער האָט ער ביכלאַל געוואָלט פאַרענדיקן מיטן סענאַט, וואָס איז פון טאָג צו טאָג אים שווערער געוואָרן צו פאַרטראָגן. ער האָט געוואָלט אָפּדאַנקען און באַנוגענען זיך מיט דער הערשאַפט איבער עגיפּטן און אויב די עגיפּטער וועלן אים ניט וועלן אַנערקענען, וועט ער נאָר לעבן אַף די אײַנקונפטן פון זײַן שוישפּילער־קונסט.

די באַפעלקערונג פון רוים האָט זיך פּאַראַקשנט קעגנגעשטעלט דער מאָביליזאַציע, וואָס די אָנפירונג פון דער נײַ־געשאַפענער ארמיי האָט פאַראָרדנט. די מילכאָמעשטײַערן האָבן גענומען גיין לאַנגזאַמער. דער צופיר פון סכוירעס פון מײַרעוו איז פאַרהאַקט געוואָרן, עגיפּטן און ליביען האָבן אָפּגערופן צוריק די שיפן מיט קאָרנדי פרײַזן אַף לעבנס־מיטלען זײַנען געשטיגן. און ווען אַן עגיפּטישע שיף האָט אָנשטאָט ווייץ געבראַכט גאָר זאַמד פונעם ברעג פון ניל פאַר דער צירק־אַרענע, האָבן אויסגעבראָכן אומרוען. די מאַסן האָבן זיך נאָך געהאַלטן בײַ דעם פאַרשווענדערישן און גלענצנדן קייסער, דעם לעצטן נאָכפאָלגער פונעם גרויסן צעזאַר. נאָר די אַלטע רעפּובליקאַנישע אַדעליגע, די באַאַמטן־אַריסטאָקראַטיע, די רוימישע שאָוויניסטן, די גרויסע איטאַליענישע ערד־באַזיצער זײַנען ניט צופרידן געווען פונעם קייסערס קאָסמאָפּאָליטישער ליבעראַליסטישער פּאָליטיק, וואָס האָט געגעבן אַ פאָרצוג דעם מיזרעך. זיי האָבן קעסיידער געווונען אַלץ מער אָנהענגער אַף זייער זײַט, און זײַנען געוואָרן פון טאָג צו טאָג אַלץ האָזעדיקער.

אַף די קייסערלעכע סטאַטועס האָט מען אויפגעהאַנגען כויזעק־פּלאַקאַטן, די פּלאַקאַטן האָבן געגעבן אָנצוהערענישן וועגן יענעם גענעראַל ווינדעקס, וואָס האָט אָנגעהויבן דעם אויפשטאַנד (ווינדעקס—באַדײַט—אַ ריכטער). מען האָט אָרגאַניזירט באַנאַכטיקע געשלעגן, קעדיי לאָזן הערן די אויסגעשרייען—„דעם ריכטער אַהער, ווינדעקסן אַהער“.

דער קייסער האָט דאַווקע פאַרלאַנגט, מע זאָל אים צושטעלן די באַריכטן פון די פאַרוואַלטונגס־באַאַמטע און פון דער פּאָליציי אָן באַפּוצונגען און קונצן. מע האָט אים צו קענטעניש געגעבן וועגן אַלץ, וואָס ס׳איז געשען. ער האָט אַלץ אויסגעהערט, האָט אָבער גאָרניט דערווידערט, און אויב שוין יאָ, נאָר מיט אַ פאַרבײַגייענדיק פאַראַכטנדיקער באַמערקונג.

דער אויפשטאַנד האָט זיך דערווײַל געדרוקט נעענטער פּאַראַקשנט און דראָענדיק, כאָטש די שטאָט אַליין איז צוליב דער אָנוועזנהײַט פון די צוועלף טויזנט מאַן פון דער לייב־גוואַרדיע געהאַלטן געוואָרן אין צוים. אָט די הויך־באַצאָלטע, צעבאַלעוועטע אויסגעקליבענע סאָלדאַטן, האָט מען מיט רעכט געקאָנט האַלטן פאַר באַזונדערס איבערגעגעבענע דעם קייסער.

אויך די אַרמיי, וואָס מ׳האָט צוזאַמענגעשטעלט אין צאָפן־איטאַליע, איז באַשטאַנען פון סאָלדאַטן, אַף וועלכע מע האָט זיך ניט געקאָנט פאַרלאָזן. די סאָלדאַטן האָבן פונדעסטוועגן געוואַרט, אַז נעראָן זאָל זיך פאַר זיי באַווײַזן, האַלטן פאַר זיי

א רעדע, פאַרינטערעסירן זיך מיט זײ. ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן, און אָט די מערקווירדיקע פּאַסיווקײט זײַנע איז זײַנע קעגנער צוניץ געקומען. זײערע עמיסאַרן האָבן געאַרבעט געשיקט. נעראָנס פאַרשטײער אין די קאָנטינגענטן, וואָס זײַנען אים נאָך פאַרבליבן געטרײַ, האָבן פאַרלאָרן זײער אויטאָריטעט, ווײַל דער קײסער פּערזענלעך איז ניט געשטאַנען הינטער זײ, און דעם אכטן יוני איז אָנגעקומען קײן רוים די ידיעה, אַז גרויסע טײלן פון דער נײַ־געשאַפענער צאָפן־איטאַליענישער אַרמײ זײַנען איבערגעגאַנגען צו די אופשטענדלער, און האָבן אָפּגעגעבן די שבועה דעם נײַעם פּרעטענדענט גאַלבאַ.

נעראָן איז געזעסן באַם טיש בײַם ער האָט באַקומען די דעפּעשע, ער האָט זי צעריסן אף פּיצלעך, א שטויס געטאָן דעם טיש און צעשלײַדערט זײַנע בײדע האַמערישע ליבלינגס־גלעזער, וואָס זײַנען געווען קינסטלעריש אײַנגעפאַסט אין גאָלד און פּאָרגעשטעלט סצענעס פון אָדיסײ. מיט ווילדע ווערטער האָט ער געהײסן זײַנע געסט אוועקגײן. נאָכדעם ווי ער איז א ווײַלע געבליבן אַלײן, האָט ער פאַרלאַנגט, אַז עס זאָל אַרײַנקומען לאָקוסטאַ—א דאַמע, וואָס אינעם קײסערלעכן ביורזשעט איז זי געווען פאַררעכנט פאַר א באַשליסערן און וועמעס פונקציע קײנער האָט קלאָר ניט געוווּסט. פון איר האָט ער געפאָדערט זי זאָל אים געבן גיפט. זי האָט אים דערלאַנגט די טראָפּנס אין א גאָלדענעם קאַפּסול. אָבער ס'איז אים ניט גענוג געפעלן געוואָרן, און מ'האָט אים געמוזט געפינען פאַר דעם א געשמאַקפולן קריגעלע.

איבעריקנס, איז דער קײסער אין א פּאָר שאָ אַרום ווידער געווען פול מיט צוטרוי. זײַנען אים דען די רעגימענטן פון זײַן לײב־גוואַרדיע ניט געטרײַ? ער האָט פאַרופן צו זיך די גוואַרדיע־אָפיצערן אין פאָרגעלײגט גלײַך זעגל־פאַרטיק צו מאַכן דעם פלאָט, אופזעצן די גוואַרדיע אף די שיפן און זיך אַריבערוואַרפן קײן עגיפּטן.

פון די מיזרעך־פּראָווינצן, ווו מע איז אים נאָך געבליבן געטרײַ און אף וועלכע מע קאָן זיך נאָך פאַרטרויען, קאָן מען צוריק, אָן שוועריקײטן, געווינען די גאַנצע קעניגרײַך. די הערן האָבן אים אויסגעהערט מיט אָפיציעלן רעספּעקט און זיך איבערגעקוקט אײנער מיטן אַנדערן.

זײ האָבן צווײפלדיק דערווידערט. געבראַכט איבערצײַגנדיקע אַרגומענטן. זאָל מען אינדערעמעסן אָפּגעבן די הויפּט־שטאָט אָן א קאַמף? איז עס ניט א שוואַכקײט, איז עס דען ניט, פונקט פאַרקערט, אומגעלעך אַרויסצונעמען די סאָלדאַטן פון דער שטאָט רוים, אף וועלכער זײ האַלטן זיך, און ברענגען זײ אינעם צווײפלהאַפטן מיזרעך? וועלן זיך דען די סאָלדאַטן ניט וווּנדערן, ווען דער קײסער וועט אָפּגעבן זײַן הויפּט־שטאָט, אָנשטאָט אין פאַל פון א נויט צו קעמפן פאַר איר און שטאַרבן? אײנער פון די אָפיצערן האָט ציניש ציטירט א פערז פון ווערגילן, וואָס נעראָן האָט אַזוי ליב געהאַט פּאַטעטיש צו דעקלאַמירן,—„איז עס דען אינדערעמעסן אַזא אומגליק צו שטאַרבן?“ דער קײסער האָט געקוקט פאַרווונדערט אף די הערן, צעשטרײט געלאַכט, געשאָקלט מיטן קאָפּ איבער אַזוי פיל ווײניק גלויביקײט. ער האָט זײער ניט גערן געהאַט צו טאָן מיט אָפיצערן.

אין א האַלבער שאָ אַרום האָבן די אָפיצערן פון דער גוואַרדיע געבעטן א נײַע

אאודיענצ, זיי האָבנ דעמ קייסער פאָרגעשטעלט די וואקסנדיקע אומרויִקייט אינ שטאָט אונ געפאָדערט א פארשטארקונג פונ דער לייב־וואך. ווערט מענ אָבער פארשטארקנ די לייב־וואך באמ פאלאצ, וועט עס ארויסרופנ אנ אופרעגונג בא דער באפעלקערונג. עס איז דעריבער געווונטשנ דער קייסער זאָל זיך איבערציִענ אינעמ סערוויליאנישנ גאָרטנ, וועלכער קאָנ פיל לייכטער באוואכט ווערנ, ניט ארויסרופנדיק באזונדערס די אופמערקזאמקייט. אינעמ סערוויליאנישנ גאָרטנ האָבנ זיך אָבער געפרנענ א ריי ווירטשאפט־הייזער אונ הייזער פאר קאוואלעריסטנ. די הערנ פונ דער גווארדיע האָבנ דערווארט אנ אויסברוך פונ צאָרנ באמ קייסער. ס'איז אָבער ניט אזוי געשענ. דעמ קייסערס פליישיק פאָנעמ האָט באקומענ אנ אויסדריק פונ נארישער פארחוונדערונג, ער האָט געזאָגט: איך האָב אלעמאָל געגלויבט, אז אינ פאלאצ קאָנ איך רויִק שלאָפנ אָנ וואכנ אויך, אָבער דאָס איז דאָך סאָפקאָלסאָפ א מיליטערישע פראגע, איך וואַרפ זיך אונטער דעמ באשלוס; אונ לאכנדיק האָט ער געגעבנ אָנווייזונגענ אריבערצוקלייבנ זיך אינ סערוויליאנישנ פארק אריינ. אייליק איז מענ צוגעטראָטנ צו די פאָרבארייטונגענ אונ גלייך אינ א שאָ ארומ איז שוינ נעראָנ געווענ אינ וועג. אנ אָפטיילונג לייב־גווארדיע האָט אימ באגלייט, מענ האָט אויסגעשטעלט וואכנ בא אלע דורכגאנגענ אפ דער ווייטער שטרעקע.

נעראָנ האָט נאָך אלצ ניט געגלויבט, אז זיינ הערשאפט אונ זיינ לעבנ זיינענ אינ אנ ערנסטער געפאר. ער האָט זיך פארשלאָסנ אפ צוויי שאָ אונ פארשריבנ נאָטירונגענ צו א רעדע, וואָס ער האָט געטראכט צו האלטנ אפ א פארזאמלונג, קעדיי פאר די רוימער רעכטצופארטיקנ זיינ רעגירונג. פארענדיקט דאָס, האָט ער צונויפגערופנ זיינע פריינט ארומ זיך—ער האָט זיך געוווּנדערט, ווענ אהער, אינעמ סערוויליאנישנ גאָרטנ, זיינענ געקומענ אסאך ווינציקער וויפל ער האָט פארבעטנ, אונ ער האָט זיי פאָרגעלייענט זיינ רעדע. זיינ פראָיעקט האָט, ווי עס האָט אויסגעזענ, ניט ארויסגערופנ קיינ צופיל ענטוזיִאזמ.

ער האָט עס, אייגנטלעך, ניט געוואָלט טאָנ, נאָר דאָך געפרעגט די ארומשטייענדיקע, צווייפלענדיקע הערנ, אינ וואָס פאר א קליידער וואָלט אימ אמבעסטנ געפאסט מאָרגנ צו דערשיינענ אפ דער פארזאמלונג, קעדיי צו האלטנ די רעדע. ערשט איצט ענדלעך האָט זיך זיינ סעקרעטאר פאהאָנ אָנגענומענ מיט הארצ אונ מוט אונ זיך אָנגערופנ זאכלעך: איך מיינ, אז ס'וועט גאָרניט קומענ דערצו, אז נעראָנ זאָל אפילע אָנהויבנ די רעדע; דאָס פאָלק וועט אימ פריִער אפ שטיקער צערייסנ.

„גלויבסטו, מיינ פאהאָנ, גלויבסטו ווירקלעך אזוי?"—האָט דער קייסער צעטומלט געזאָגט. אצינד האָבנ שוינ די איבעריקע אויך גענומענ ריידנ. אונ עס איז קלאָר געוואָרנ, אז אלע אָנ אויסנאמ האלטנ זיינ געדאנק פאר אומויספירבאר. „יאָ, אָבער"—האָט נעראָנ מיט א געוויסער בייזקייט געזאָגט,—„אויב ניט דאָס, טאָ וואָס־זשע בלייבט מיר איבער צו טאָנ? זאָל איך זיך דירעקט ווענדנ צומ פירער פונ די אופשטענדלער, צומ גענעראל גאלבא, איבערגעבנ זיך אינ זיינע הענט אונ אפעלירנ צו זיינ געוויסנ? אָדער זאָל איך איבערגיינ צו די פארטער, בעטנ זייער שוצ?" די פארטער זיינענ אָבער געווענ אלטע סאָנימ פונ די רוימער אונ נעראָנ האָט איינמאָל נאָך א האלבאייִנגעגעבענעמ מארש קעגנ זיי, געשלאָסנ מיט זיי א ניט-גלייכנ שאָלעמ.

דעמ אָוונט האָט ער פארבראכט ווי שטענדיק. ער האָט זיך געלאָזט אָפראזירנ,

האָט גענומענ דעמ פארדייונגס־מיטל, וואָס זײַנ לייב־דאָקטאָר האָט אים פארשריבנ,
האָט זיכ זאָרגזאמ אָנגעטאָנ און געזעצט זיכ צומ אָוונט־מאָלצײַט, קעגנ זײַנ געוווינ־
הײַט האָט ער געגעסנ ווינציק, איז אָבער געווענ גוט געשטימט, האָט פיל גערעדט
אונ וויציק אמערסטנ וועגנ ליטעראטור, טעאטער אונ קונסט, פונעמ טיש האָט ער
זיכ אופגעהויבנ פריי אונ אוועק שלאָפנ, קעדיי ווי ער האָט דערקלערט, מיט אנ
אויסגערוטנ קאָפ אָנעמענ די נײַטיקע מאָסמיטלענ. געשלאָפנ איז ער אָבער ניט גוט,
אונ א שאָ פאר האלבער נאכט איז ער אופגעשטאנענ, קעדיי ווי ער פלעגט עס פונ
צײַט צו צײַט טאָנ—פירנ מיט זײַנע פילצאָליקע וואכנ הויכע, געמיטלעכע, אינפאָר־
מאטיווע געשפרעכנ. צו זײַנ אייגענער גרויסער פארוווּנדערונג איז די וואכ באמ
ארײַנגאנג פארשווּנדנ געוואָרנ. אויכ דער נעקסטער וואכ־פאָסטנ איז ניט געווענ.
ער איז אוועק צומ פאווילײאָנ, ווו זײַנ סעקרעטאר פאהאָנ האָט זיכ געפונענ.

יענער האָט אים טאקע געזוכט, ער האָט געהאט ידיעס: די אָפיצערנ פונ דער
גווארדיע האָבנ נאָכדעמ, ווי דער קייסער האָט פארלאָזנ דעמ פאלאצ,
צונויפגערופנ די סאָלדאטנ אונ זיי מיטגעטיילט, אז דער קייסער איז אוועק פונ
רוימ אונ אנטלאָפנ קיינ עגיפטנ. ווײַטער האָבנ זיי מיטגעטיילט די סאָלדאטנ, אז
דער נײַער הער גאלבא האָט זיכ פארפליכטעט, נאָכ דעמ, ווי ער וועט ארײַנמאר־
שירנ קיינ רוימ, יעדנ סאָלדאט פונ דער גווארדיע צו שענקענ דרײַסיק כויזנט
סעסטערציִנענ אונ די סאָלדאטנ האָבנ דעריבער אָפגעגעבנ די שווּע דעמ נײַעמ
רעגירער.

דאָס איז געשענ אינ דרויסנ, אינ דער נאכט פונ אכטנ אפנ נײַנטנ יונ בײַס
פאהאָנ האָט נעראָנענ איבערגעגעבנ די ידיִעָ. ס'איז געווענ אנ אומגעוויינלעכע וואַ־
רעמע נאכט. אָבער דעמ קייסער האָט עס אויסגעוויזנ קאלט, צומ פרירנ, ער איז
דאָ געשטאנענ אינ זײַנ שלאָפראָק, מיטלוּוקסיק, אביסל דיק אונ אָנפאָרמיק, מיט א
פאָר סאנדאלנ אפ די הוילע פיס.

פאהאָנענ האָט זיכ געדאכט, אז דעמ קייסערס צעשוווּמענ פאָנעמ איז בלאס גע־
וואָרנ אונ, אז ער האָט צונויפגעפרעסט צווישנ די ציינ זײַנ פעסטע אונטערשטע
ליפ, דערנאָכ האָט ער בלויז באמערקט:—„אָבער דאָס איז דאָכ אנ אומזינ, ער וועט
זיי דאָכ קיינמאָל ניט קאָנענ אָפצאָלנ צו דרײַסיק טויזנט, אונ זיי קאָנענ דאָכ אזא
מינ אומזיניקנ צוזאָג ניט אָנעמענ ערנסט". ווי אילוזעדיק זײַנע אידייענ זײַנענ
אָפטמאָל געווענ, האָט ער אָבער דאָסמאָל אליינ געגלויבט אונ געווענ פארגלויבט
אינעמ מענטשלעכנ סייכל. ער אליינ איז געווענ זייער א ברייטער מענטש, זײַנ
גווארדיע האָט ער געצאָלט אזעלכע הויכע לוינענ אונ געגעבנ געשאנקענ שוינ אזעל־
כע גרויסע, אז קיינ איינער האָט זיי ניט געקאָנט איבערשטײַגנ, ער האָט דעריבער
אָנגענומענ, אז די סאָלדאטנ וועלנ זיכ ניט לאָזנ אײַנריידנ פונ די פוסטע צוזאָגע־
נישנ וועגנ העכערע לוינענ אונ ער האָט זיכ אפ זיי פארלאָזט. אינ גרונט איז דאָס
געווענ זײַנ גלויבנ אינ מענטשלעכנ סייכל, צוליב וועלכנ ער איז אונטערגעגאנגענ;
ווײַל אינ פארלויפ פונ די ווײַטערדיקע געשעענישנ האָט ער געמוזט פעסטשטעלנ,
אז די מאנשאפט פונ זײַנ לייב־גווארדיע איז ארײַנגעפאלנ אונ פארפירט געוואָרנ
פונ די לעפישע צוזאָגענישנ פונ גענעראל גאלבא. ווי עס זאָל ניט זײַנ האָבנ אלע
וואכנ שטילערהייט פארלאָזט זייערע פאָסטנס, דאָס האָט אים איבערגעשראָקנ, כאָטש

ער האָט עס ניט געוואָלט אַרויסווײַזן פאַר פאַהאַנען. צום ערשטן מאָל האָט ער באַקומען אַן אָנונג, ווי נאָענט זײַן סאָף איז.

ער האָט פאַהאַנען אַוועקגעשיקט און אַלײן ווײַטער געגאַנגען מיט פאַמעלעכע טריט דורכן ווײַט־צעלייגטן פּאַרק פון אײן קלײן קאַוואַלעריסטן־הײַזל צום צווייטן, קעדיי צונויפצירופן זײַנע הויפּ־לײַט. אָבער אַלע טירן זײַנען געווען פאַרשלאָסן און אין ערגעץ האָט מען אים ניט געענטפערט. ער איז צוריקגעגאַנגען אין זײַן שלאָפצימער אַרײַן, אָבער איצט זײַנען שוין זײַנע קאַמערדינער און לאַקייען אויך געווען אַנטלאָפן, זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך וואָס מ'האָט נאָר געקאָנט מיטנעמען, אַפילע דאָס גאָלדענע קריגעלע מיטן גיפט. דאָס האָט אים אַזוי פאַרביטערט, אַז ער האָט קעגן זײַן געוווינהײַט קײן וואָרט ניט געקענט געפינען, אָדער עפּעס אַ פּאַטעטישע קלאָלע, ער האָט בלויז שטאַרק צונויפגעפּרעסט די ליפּן.

אין פאַרלויף פון דער ווײַטערדיקער האַלבער שאָ האָבן זיך אויפגעקליבן די לעצטע עטלעכע מענטשן, וואָס זײַנען אים נאָך געבליבן געטרײַ. דאָס זײַנען געווען די דרײַ פרײַגעשפּראָכענע—פאַהאַן, טעלאַס און עפּאַפראָדיס און דער לעצטער—זײַן שײנער יונגער פרײַנט און בעט־כאַווער—דער זעכצניאָריקער שפּאָרוס. נעראָן איז געזעסן אויפן הויכן בעט שטום, פאַרביטערט און אָנגעבלאָזן, אַפילע דאָס בעט־צײַג האָט די דינערשאַפט צוגענומען. אָפּגעשלאָפט און דיקלעך איז ער געזעסן אַרונטערגעבויגן. די פיס האָבן זיך אים צו אויפאַלנד שלאַנק אַרויסגעזען פון אונטערן קורצן פּיזשאַמע־שלאָפראָק אַרויס. די רויטלעכ־בלאָנדע האָר, שווייסיק צונויפגעקלעפּט, זײַנען אים אַרונטערגעפאַלן טיף אין ווײַסן שטערן אַרײַן.

די הויט פון זײַן צעשוואָלענעם, ניט מיעסן פּנים, איז געווען מיט פלעקן, די קורצזיכטיקע גרויע אויגן אונטער צונויפגעצויגענע ברעמען האָבן געקוקט פינצטער אַרום זיך. זײַנע פרײַנט האָבן ניט געוווּסט, צי ער גלייבט זיי, צי ניט.

ענדלעך האָט ער הויך אַרויסגעזאָגט: „ביטע, רופט מיר עדיקאָן". עדיקאָ איז אָבער געווען אַ דײַטש, אײנער פון די סאָלדאַטן פון זײַן לײַב־וואַך, פון די, וואָס פלעגן שטענדיק זײַן אַרום אים און וואָס זײַנען אים אַזוי ליב געווען.

— וואָס דאַרפט איר דעם עדיקאָ, אײַער מאַיעסטעט?—האָט טעלאָס זייער פאָרזיכטיק און העפלעך געפרעגט.

— איך טראַכט צו שטאַרבן אויף אַן אָנשטענדיקן אופן,—האָט נעראָן געענטפערט, און געקוקט אויף די פיר מענטשן, אויף אײנעם נאָכן אַנדערן רויִק און שטאַרק מונטער.

— עדיקאָ איז שוין אָבער ניטאָ,—האָט פאַהאַן זיך ענדלעך אָנגערופן,—קײנער, אויסער אונדז, איז דאָ מער ניטאָ.

נעראָן האָט ווידער געשאָקלט מיטן קאָפּ און געלאַכט.

דאָס גלײַכסטע וואָלט געווען,—האָט זיך אין אַ ווײַלע אָנגערופן פאַהאַן,—אַז אײַער מאַיעסטעט זאָל זיך איבערקלײַבן צו מיר אין מײַן ווילע.

— „האַ, יאָ"—האָט נעראָן אַ בורטש געטאָן,—„ביסט עפּשער גערעכט"—און זיך גלײַך אַ שטעל געטאָן,—„ס'איז אָבער גאַנץ ווײַט צו דיר"—האָט ער זיך גלײַך איבערגעלייגט.

— אַרום אַכט קילאָמעטער,—האָט פאַהאַן געענטפערט.

דער יונגער שפּאָרוס האָט אײַליק באַמערקט—„אין די שטאַלן זײַנען נאָך איבערגעבליבן פערד".

נעראָן, הערנדיק די העלע שטים פון זײַן ליבלינג, האָט אופגעלעבט—„דאָס ערשטע מאָל, מײַן שפּאָרוס",—האָט ער געלאַכט.—„זי דו אינטערעסירסט זיך מיט פערד".

דער הימל האָט זיך פארצויגן מיט כמאַרעס, ס'האָט אויסגעזען ווי פאַר א שטורעם, נעראָן האָט געפונען עפּעס אַן אַלטן מאַנטל, וואָס עמיצער פון דער דינערשאפט האָט אויסגעטוישט אפ א בעסערן פון דער קייסערלעכער גאַרדעראָבע, מען איז אוועק צו די שטאַלן. נעראָן האָט זיך געזעצט רײַטנדיק, שפּאָרוס האָט אפ אים אָנגעטאָן דעם מאַנטל, דער מאַנטל איז געווען גרויס אזוי, אז מע האָט אין אים געקאָנט גאַנץ באַקוועם דעם קאָפּ אפילע פארהילן. דאָס פארמאַסקירן זיך האָט דעם קייסער אָנגעהויבן געפעלן צו ווערן—„אזוי איז גוט?"—האָט ער א פרעג געטאָן און זיך אײַנגעהילט.

— „עס זעט אויס גאַנץ שיין אפילע"—האָט פאַהאָן געזאָגט אומצופרידן.—„אָבער באַלד וועט זיך ווידער באַווײַזן די לעוואָנע און דעמלט וועט אײַך יעדער איינער גלײַך דערקענען, בעסער וואָלט געווען, אײַער מאַיעסטעט, איר זאָלט דעם קאָפּ אינגאַנצן איבערדעקן".

נעראָן האָט אָבער אפ דעם בלויז געענטפערט:

— „נו, געפאָרן"—און א טרײַב געטאָן זײַן פערד.

זיי זײַנען דורכגעריטן פארבײַ דער צענטראַלער קאַזאַרמע פון דער לײַב־גוואַרדיע, די קאַזאַרמע איז געווען באַלויכטן, און זייער טומלדיק, אפּאָנעם, אז דאָרט האָט מען געמאַכט פּאָרבאַרייטונגען צו באַגעגענען גאַלבאַן און פארנעמען די שטאָט. דער קייסער מיט זײַן קליינער גרופּע באַגלייטער זײַנען געריטן ווײַטער, צוויי פוסגייער זײַנען זיי געקומען אַנטקעגן, איינער פון זיי האָט געזאָגט—„אָט זײַנען שוין ווידער אַזעלכע, וואָס זוכן אַרום נעראָנען". און גלײַך האָבן זיך באַוויזן צוויי סאָלדאַטן פון דער לײַב־גוואַרדיע.

א ווײַלע האָבן די רײַטער ניט געוווּסט וואָס צו טאָן, נאָר גלײַך זיך געכאַפּט און באַוויזן דעם קייסערס פּאָרויס צוגעגרייטן ערנצייכן — „אָט, נאָט זעט"—האָט פאַהאָן שטיל זיך אויסגעזידלט.

די גרופּע איז אריבערגעריטן דעם טײַך אַניאָ, שווײַגנדיק, ווײַטער געריטן דורך דער נאַכטיקײַט איבער לאַנד, וואָס איז שיטער געווען באַזעצט מיט ווילעס. בערגלעך האָבן זיך געכוואַליעט, ווײַטער איז שוין מער ניט געווען צו זען, ווי גראָזיקע סטעפּעס און קוסטאַרניקעס. וואַלד־קראַליקלעך זײַנען פארבײַגעלאָפן לעבן די פערדישע קאָפּיטעס. ענדלעך, האָט זיך פונעם הויפּט־שאָסיי אָפּגעטיילט א שמאָלער וועג, וואָס האָט געפירט צו פאַהאָנס ווילע. די פערד האָבן זיי געלאָזט שטיין, זיי האָבן ניט געוואָלט, אז די דינערשאפט זאָל זיך דערוויסן וועגן זייער אָנקומען. קעדיי צו צוקומען צום הינטערשטן אַרײַנגאַנג פון הויז, האָבן זיי זיך געמוזט דורכשלאָגן א וועג דורך קוסטעס און דערנער, טיילמאָל האָבן די באַגלייטער געמוזט אויסשפּרייטן זייערע מאַנטלען איבער די געדיכטע דערנער־קוסטעס, קעדיי דעם קייסער צו פארלײַכטערן דאָס גיין, טיילמאָל איז אויסגעקומען צו קריכן אפ אַלע פיר...

ענדלעכ, זײַנען זיי צוגעקומען צום הינטערשטנ ארײַנגאנג פונעם הויז. פאהאָנ האָט געבעטנ דעמ קייסער צוװוארטנ, ביז ער װעט אויסגעפינען װיאזוי מענ קאָנ זיכ אומבאמערקט ארײַנשמוגלען אינ הויז ארײַנ. די איבעריקע באגלייטער האָט ער גענומענ מיט זיכ. דער קייסער איז איינער אליינ געבליבנ אינ דער נאכט, ער האָט זיכ ארונטערגעזעצט, אומגעשיקט גענומענ ארויסציִענ די דערנער, װאָס האָבנ זיכ אים פארשטעקט אינ די קליידער. װארעמע װינטנ האָבנ פונ צײַט צו צײַט א יאָג געסאָנ, די נאכט איז געװענ אומרויִק, הינט האָבנ געלאָזט הערנ א בילערײַ, פייגל האָבנ געשריגנ װי פאר א שטורעמ. דער קייסער איז אזוי געזעסנ ארונטערגעבויגענערהייט, פארטראכט אונ פארװוּנדערט געשאָקלט מיטנ קאָפּ.

ער האָט דערשפירט א דורשט, אָבער מער װי א רישקעלע אומריינע, לעבלעכע װאסער איז ארומ ניט געװענ, ער האָט אָנגעשעפּט, א זופּ געטאָנ, מיט עקל אויסגעשפיגנ אונ פאר זיכ אליינ א זאָג געטאָנ—„אָט דאָס איז איצט נעראָנס געטראנק".

ס'איז אָבער געװענ אזא װײַנ—„נעראָנס געטראנק"—א געמיש פונ זיבנ פארשיידענע װײַנען, פונ פארשיידענע יאָרנ, װאָס האָט זיכ אָנגערופנ אפּ זײַנ נאָמענ אונ װאָס איז נאָכ א לאנגע צײַט געװענ באקאנט מיטנ זעלבנ נאָמענ.

דערנאָכ האָט נעראָנ געטאָנ זײַנ באדערפעניש ערנסט נאָכטראכטנדיק, צי דאָס איז שוינ טאקע בעממעס דאָס לעצטע מאָל.

זײַנע באגלייטער זײַנען צוריק געקומענ. זיי האָבנ דאָרט געפונענ א הינטערטיר, אפּ אזויפיל זי אָפּגעשפּארט, אז אפּ אלע פיר װעט מענ װי עס איז קאָנען דורכקריכנ.

פירקענדיק אונ אומצופרידנ איז, אלזאָ, נעראָנ דורכגעקראָכנ. ער איז ארײַנ אינ א קליינעמ, װי א קעלער, צימערל אָנגעפילט מיט דומפּע לופט. פינצטער, בלויז עטװאָס קלאָגעדיק באלויכטנ פונ לעװאָנע־שײַנ. ליכט האָט מענ מוירע געהאט אָנצוצינדנ. נעראָנ האָט זיכ אװעקגעלייגט אפּ צװיי הארט־האָריקע קאָלדרעס מיד אונ אָנ קויכעס. בייטנ אָװנט־מאָלצײַט האָט ער װינציק געגעסנ. אונ איצט, נאָכנ שװערנ װעג, האָט ער געליטנ הונגער אונ דאָרשט. פאהאָנ האָט אופגעזוכט עפּעס צומ עסנ. האָט געבראכט א טרוקענעמ געריכערטנ פיש מיט א ביסל זויערנ װײַנ. נעראָנ האָט געגעסנ אונ געטרונקענ. די ערשטע ביסנ האָט ער גיריק ארונטערגעשלונגענ, די װײַטערדיקע מיט א װידערגעפיל, דערנאָכ האָט ער זיכ צוריק אװעקגעלייגט אונ פארמאכט די אויגנ.

— האָסטו עפּעס יעדיִעס פונ רוימ, מײַנ טײַערער פאהאָנ,—האָט ער אינ א װײַלע ארומ געפרעגט?

— יאָ,—האָט געענטפערט פאהאָנ,—איכ האָב יעדיִעס.

— װעלכע?—האָט נעראָנ געפרעגט.

— „דער סענאט האָט באשלאָסנ",—האָט פאהאָנ, זײַנ סעקרעטאר, גערעדט—„אז מאָרגנ, גלײַכ נאָכ זונ־אופגאנג, צו דערקלערנ אײַכ פאר א פײַנט פונ פאָלק אונ לויט די אלטע מינהאָנים אײַכ טויטנ".

— װאָס באדײַט עס—לויט די אלטע מינהאָגים?—האָט דער קייסער אופמערקזאמ געפרעגט.

— דעם פארברעכער,—האָט פאהאָנ דערקלערט,—טוט מענ אויס נאקעט, מע בינדט אים מיט שטריק, דעם נאקנ שטעקט מענ אים אריינ אינ א הילצערנע ווילקע, אונ דאנ פארשמייסט מענ אים מיט ריטער צום טויט.

— „דער סענאט איז זייער מוטיק”—האָט נעראָנ געזאָגט, ארויסשטעקנדיק נאָכ מער פאָרויס די אונטערשטע ליפ,—„דאנ ווענ איכ בינ שוינ ניט מער אָנשרעקנדיק”.

— אמבעסטנ וואָלט געווענ,—האָט עפאפראָדיט באמערקט—„מע זאָל די הערנ ניט געבנ קיינ מעגלעכקייט אויסצופירנ זייער אורטייל”.

נעראָנ האָט דורכ דער טונקלקייט מאָדנע צעשטרייט געבלינצלט אפ אים מיט זיינע קורצזיכטיקע אויגנ.

— דו מיינסט, הייסט עס—האָט ער קאנסטאטירט—אז „אמ אָנשטענדיקסטנ וואָלט געווענ פאר מיר אצינד צו שטארבנ”.

קיינער האָט ניט געענטפערט.

— „עס קאָנ זיינ, אז איר זייט גערעכט”,—אונ איילנדיק האָט ער צוגעגעבנ: „גראָבט אויס פאר מיר א קייווער, אזוי, אז זיי זאָלנ מיכ ניט קאָנענ געפינענ אונ מיינ קערפער ניט פארדארבנ, לייגט מיכ אריינ אינ גרוב ביז ס'וועט זיכ מאכנ א געלעגנהייט מיכ צו פארברענענ”.

זיינע פריינט האָבנ גענומענ ניט גערנ ארויסגיינ, ער האָט דערווייל גענומענ באטראכטנ זיינ מאנטל אונ קליידער, וואָס זיינענ געווענ שמוציק—„אונ נאָכ עפעס”—האָט ער זיי פארהאלטנ—„אינ אזעלכע קליידער קאָנ מענ ניט שטארבנ”,—האָט ער ניט צופרידנ געזאָגט.—„קריגט פאר מיר ווינציקסטנס אָנשטענדיקע קליידער אונ א קראנצ צום שטארבנ”. אונ ביז זיי זיינענ נאָכ געבליבנ שטיינ אונ געווארט, איז ער פלוצלינג אופגעשפרונגענ פונ אָרט אונ בייז אויסגעשריגנ—„נו, גייט שוינ שנעלער”.

זיי האָבנ זיכ איילנדיק א לאָז געטאָנ, דערשראָקנ פונעם געשריי, וואָס האָט זיכ בא אים ארויסגעריסנ. דעם יונגנ שפאָרוס אָבער, וואָס האָט אויכ געוואָלט צו־זאמענ מיט זיי אוועקגיינ, האָט נעראָנ צוריק גערופנ אונ אים געהייסנ זיכ זעצנ לעבנ זיכ. מיט א יונגנטלעכנ אָנגעברויגעזטנ אויסדרוק, ווי ער וואָלט זיכ אנטשול־דיקט, האָט ער געזאָגט צו אים:—„בינ איכ ניט גערעכט? א קראנצ אונ אָנשטענדיקע קליידער, דאָס איז דאָס ווינציקסטע, וואָס מע קאָנ פארלאנגענ”.

ער האָט ארויסגעצויגנ דעם קליינעם קינזשאל, וואָס ער פלעגט שטענדיק מיט זיכ טראָגנ, א פרווו געטאָנ מעכאניש זיינ שארפ אונ זיינ שפיצ אונ אים צוריק פארשטעקט—„איכ בינ צופרידנ”—האָט ער געזאָגט—„וואָס כ'האָב זיכ נעכטנ אינ אָוונט געלאָזט אָפראזירנ. קום אהער, מיינ שפאָרוס, זע נאָר, דו וואָלסט מיר ניט געקאָנט ברענגענ אינ אָרדענונג מיינע שטערנ-לאָקנ?” ער האָט זיכ ארונטערגעזעצט, די הענט פארלייגט אפ די קני היפשלעכ פעט. אפ זיינ שטארקנ פליישיקנ פאָנעם מיט דער גלייכער גרויסער נאָז מיט דער מעכטיקער ארויסטארטשנדיקער אונטערשטער ליפ איז געלעגנ א רויקייט אונ קיינשום שרעק האָט זיכ ניט באמערקט; אונ ווענ די צארטע הענט פונ זיינ ליבלינג האָבנ זיכ באשעפטיקט מיט זיינע ווייכע, לאנגע, רויטבלאָנדע האָר, האָט ער געפלאפלט אונ געקליגלט זיכ—„ס'איז ניט לייכט צו זיינ קיינ גוטער קיי־סער אזוי ווי צעזאר אָדער אווגוסט זיינענ געווענ. א גוטער שוישפילער, אזוי ווי

ראַסקיִוס אָדער ליבאַנ זײַנענ געווענ, איז אויכ ניט לײַכט צו זײַנ. אָבער צו זײַנ א גרויסער קייסער אונ גלײַכצײַטיק א שוישפּילער דאָס איז פאַרפלוכט שווער".

— „אייגנטלעכ איז אַלצ, וואָס איכ האָב אופגעטאָנ, גוט. קיינ געלט איז קימאַט אײַנגאַנצנ ניט געבליבנ אונ איכ בינ טאַקע נײַגעריק צו וויסנ, וויאַזוי וועט אָט דער פאַרברעכער גאַלבא אײַנאָרדענענ מיט די דרײַסיק טויזנט, וואָס ער האָט צוגעזאָגט יעדנ איינעם פונ מײַנ גוואַרדיע?"—ער האָט נאָכ אַלצ געשאָקלט דערשטוינט מיטנ קאָפּ— „אָבער דאָס, אַפּ וואָס איכ האָב דאָס געלט אויסגעגעבנ, איז געווענ גוט. אויב די וועלט־געשיכטע איז גערעכט, וועט זי מוזנ קומענ צו דעמ באַשלוס:—דאָס וואָס אַלעקסאַנדערנ האָט ניט געגליקט, האָט נעראָנ דערגרייכט; גריכישע בילדונג אונ זיטנ איבער דער וועלט פאַרשפּרייט. אַפּאָנימ אָבער, אַז די וועלט־געשיכטע איז ניט גערעכט, זי וועט זיכ בלויז אָנכאַפּנ אינ דעמ, וואָס איכ האָב שלעכט געטאָנ. איצט, הייסט עס, מוז א גרויס לעבנ אָפּטרעטנ דעמ פלאַצ א גרויסנ טויט. סענעקא איז ניט געווענ קיינ שלעכטער לערער מײַנער, ער איז געשטאָרבנ אַפּ אַנ אָנשטענדיקנ אויפנ. אינ גרונט מוז ער מיר דאַנקבאַר זײַנ, וואָס איכ האָב אים געגעבנ די מעגלעכקײַט צו שטאַרבנ מיט אַנ אָנשטענדיקנ טויט. בעסער אַזוי, איידער ער וואָלט אַפּ א קליינבירגערלעכנ אויפנ געשטאָרבנ אינ בעט.—ווי וועט עס זײַנ, מײַנ שפּאָרוס, וועסטו מיר ניט וועלנ העלפנ שטאַרבנ?"—ער האָט גאָרניט באַמערקט ווי דער יונגערמאַנ האָט זיכ דערשראָקנ פונ אימ אָפּגערוקט.

— „איכ בינ זיכער"—האָט ער ווײַטער גערעדט,—„אַז די יעניקע, וואָס איכ האָב געלאָזט אומברענגענ, וועלנ אַפּ מיר מער קיינ פאַריבל ניט האָבנ. זיי זײַנענ שוינ איצט אַפּ יענער וועלט. איכ האָב זייער פיל אומגעבראַכט, זייער פיל; אָבער ס'איז געווענ א גרונט פאַר דעמ. איצט, ווענ זיי זײַנענ שוינ טויט, וועלנ די טויטע עס אַליינ פאַרשטיינ; אַצינד, ווענ איכ וועל צו זיי אַרונטערקומענ, וועלנ זיי מיכ באַגריסנ מיט אַכטונג אונ מיט פרײַנטשאַפט. מיינסטו ניט אַזוי, מײַנ שפּאָרוס?" אָבער דער יונגער שפּאָרוס האָט זיכ אָפּגעטראָגנ.

נעראָנ האָט מיט זײַנע קורצזיכטיקע בלינצלדיקע אויגנ געזוכט אינ די ווינקלענ, דעמ יונגנמאַנ ניט געזענ, ער האָט זיכ שווער אופגעשטעלט אונ געזוכט אַרומ זיכ. א צאָרנ האָט אימ אַרומגעכאַפּט, ווענ ער האָט דערזענ, אַז ער איז איינער אַליינ— „ווי ביסטו, דו שווײַנ, דו אויסוואורפ",—האָט ער גראָב געשריגנ אונ געריטשעט.—„איכ וועל דיכ הייסנ שמײַסנ, איכ וועל דיכ הייסנ אַפּנ צײַלעמ אופהענגענ, דו פאַרעטער, דו שווײַנ".

ער האָט אַפּ זיכ אַליינ ראַכמאָנעס געהאַט אונ ס'האָט אימ אַרומגעכאַפּט א גריי־מענדיקע לוסט נאָכ באַרירונג פונ מענטשלעכ לײַב. אַלע האָבנ אימ פאַרלאָזט. קיינ יונגער מענטש איז ניט געווענ, קיינ פרוי, מיט וועלכע ער זאָל זיכ קאָנענ באַרויִקנ. ער האָט שווער געאָטעמט פונ א גרימענדיקנ באַגער, ער האָט זיכ צעביסנ די פולע ליפּנ פאַר צאָרנ צוליב שפּאָרוסנ, צוליב זײַנ פרײַנדנ גאַלוויא, וואָס זײַנענ איצט דאָ ניטאָ, אונ צוליב זײַנ פּאָפּייא, וואָס איז שוינ איצט טויט. ער האָט דערהערט, ווי די אוועקגעגאַנגענע זײַנענ צוריק געקומענ אונ זיכ גלײַכ באַהערשט. מע דאַרפ שטאַרבנ אָנשטענדיק.

שפּילנדיק זיכ מיטנ קינזשאַל, האָט ער געבעטנ:—

„זאָג מיר איצט פאָר, טעלאָס, וויַאזוי וועסטו מיך באַקלאָגן" און ווען טעלאָס האָט קעגן זײַן ווילן, א צעפּײַניקטער, אים פאָרגעזאָגט די איבלדיקע פערזן פונעם קלאָגן־ליד אפ א טויטן, האָט ער אים עטלעכע מאָל אויסגעבעסערט.

דערווײַל האָט זיך דערהערט דאָס אָנקומען פון רײַטער, ס'האָט אוואדע געמוזט זײַן א גאנצער עסקאדראָן, זיי האָבן ארומגערינגלט דאָס הויז.

— מאיעסטעט, אויב זיי וועלן באווײַזן אהער זיך ארײַנצורײַסן, וועט שוין זײַן צו שפּעט,—האָט פאהאָן געזאָגט.

דער קייסער האָט מיט שטאָלץ געענטפערט,—„דאָס האָסטו זיך געקאָנט פאַר־שפּאָרן צו דערמאָנען".

ניט געײַלט, מיט דער הילף פון זײַנע פרײַנט, האָט ער אָנגעטאָן אף זיך די קליידער, וואָס זיי האָבן אים געבראכט, א קראנץ האָבן זיי אויך ווי עס איז צו־בויפנקלאפּט, דאָס איז געווען א שמוציקער צעשויבערטער קראנץ, אָבער דאָך א קראנץ.

נעראָן האָט זיך פארטיק געמאכט—„האלט מיך צו בא די אקסלען, פאהאָן"—האָט ער באפוילן,—„און לאָז מיך לאנגזאַם ארײַנגליטשן דעם קינזשאל, ווען עס וועט שוין האלטן דערבײַ. עפּאפראָדיטן אָבער האָט ער געהייסן, ער זאָל אים ארומ־קלאמערן די האנט, אין וועלכער ער האלט דעם קינזשאל. די ביידע מענער האָבן אים געפאָלגט אזוי ווי ער האָט זיי באפוילן. טעלאָס האָט זיך געשטעלט באם טיר, קעדיי אָפּצוהאלטן די, וואָס האָבן זיך דערנעענטערט, ביז דער קייסער וועט שוין האָבן אלץ אינגאנצן פארטיק געמאכט.

נעראָן האָט געקוקט אף זײַנע פרײַנט, אף איינעם נאָכן אנדערן און מיט א טיפן זיפץ געזאָגט:—„וואָס פארא קינסטלער עס שטארבט אין מיר"—און מיט דער הילף פון עפּאפראָדיטן ארײַנגעשטאָכן דעם קינזשאל אין האלדז ארײַן.

פון דײַטש—**א. פלאטנער.**

---

מ. טאלאלײַעווסקי

# יורדאנ *)

1

דאָס לעמפּל דאָס בלינדע—עס האלט שוין אין צאנקען,
עס מינעט, עס פינטלט—אָט לעשט זיך עס אויס.
די נאכט איז ווי קיינמאָל א מוירעדיק-לאנגע
און אונטערן קאָפּ ווערט נאָך הארטער די פויסט.

א העסלעכער רעגן פון יענער זײַט גראטעס,
עס קלינגען אָן אופהער די טראָפּנס אין שויב.
און ס׳דאכט, אז לעם פענצטער פארבלוטיקט, פארמאטערט
קלאפּט מיט די פליגל אָן אופהער א טויב.

די וואך איז געוואָרן בייזער און שטרענגער.
עס בלימלט דער לאָמפּ... נאָך א נאכט, עפּשער צוויי...
ער פילט זיך שוין בעסער. עס טוט אים נאָר ווײ
דער האלדז... אינגיכן, זעט אויס, וועט ער הענגען...

ווי איצט וועט דאָס לעמפּל פאר אנדערע צאנקען,
מע וועט זיך ערשט ראנגלען—ער ווייסט עס גענוי...
ער בעט זיך פּאפּיר און א בלײַער דערלאנגען
צום לעצטן מאָל שרײַבן א בריוו צו דער פרוי.

2

... עפּשער א טאָג נאָך,
און עפּשער א נאכט נאָך...
מיר וועלן מער זיך שוין קיינמאָל ניט זען.
מער וועסטו קיינמאָל אף מיר שוין ניט ווארטן,
מיר וועלן זיך קיינמאָל ניט דריקן די הענט...

---

*) יורדאנ—א באָלגארישער רעוואָלוציאָנער, וואָס איז געטויט געוואָרן דורך די פאשיסטן.

צום טויט,
צו דער טליִע,
עס וועט מיכ באלייטנ
דײַנ שמייכל. איכ בעט דיכ, מײַנ ליבע, ניט וויינ!
מיר זײַנענ שוינ גרינגער געוואָרנ די קייטנ,
עס קלאפנ שוינ מער ניט פאר הונגער די ציינ.

ווערסט גלויבנ,
מײַנ טײַערע,
כ׳האָב הײַנט געזונגענ.
עס זינגט אונדזער קאמער, זי זינגט פארנ טויט.
עס האָט אויש דאָס גלאָז פונעם פענצטער געקלונגענ...
מיר האָבנ זיכ אָפגעזאָגט נעמענ דאָס ברויט.

מיר האָבנ זיכ אָפגעזאָגט...
ווער דארפ זייער עסנ...
פיר טעג ווי עס דויערט אינ טפיסע דער שטרײַק.
ס׳איז ליידיק אונ פוסט אינעמ טיורמישנ געסל,
עס הענגט קעגנ פענצטער א נאקעטע צווײַג.

קיינ סימענ פונ לעבנ,
קיינ קנאָספּנ,
קיינ בלעטל...
אונ גלײַכ ווי א טליִע־סלופ שטייט אויכ דער בוים...
... מיר שטייענ אונ קוקנ אינ הארבסטיקער רוים.

קוש אונדזער קינד,
אינ איר ווארעמענ שטערנ —
זי וועט
נאָכ טראָגנ אמאָל אונדזער פאָנ.
זאָלסט איר דערציילנ, ווענ גרויס זי וועט ווערנ,
אז איכ האָב זי קיינמאָל קיינ קוש ניט געטאָנ.

אינ טפיסע פארשפארט
כ׳האָב איר קומענ באגעגנט,
דעמ ערשטנ געשריי אירנ כ׳האָב ניט געהערט.
באגלײַכ מיטנ הארבסטיקנ נימעסנ רעגנ
אײַנשלינגענ וועט מיכ די פינצטערע ערד.

כ׳בעט דיכ, מײַנ כאווערטע,
נעמ זי ארומ דאָרט,

זאָלסט זי פאַרהיטן פון הונגער און קעלט.
זאָל זי דיר וואַקסן מײַן טאָכטער, מײַן אומבײַס,
וויסנדיק ווער ס׳האָט פאַרשניטן מײַן וועלט.

שוואַרצער פון טויט
זײַנען זייערע נעמען,
אויסראָטן וועט מען די נעמען פון שפּראַך.
ווען גרויס זי וועט ווערן, א ביקס זאָל זי נעמען—
כ׳בין זיכער—געווינען וועט איר אינעם שלאַכט.

כאַווערטע,
· קלאָג ניט און וויין ניט,
כ׳נעם דיך אַרום און דריק צו צו מײַן ברוסט..
אוי, טויט מיר באַנק, וואָס מײַן טאָכטער מײַן קליינינקע,
שטאַרבנדיק כ׳האָב ניט געזען, ניט געקושט..

3

דאָס לעמפּל דאָס בלינדע—עס האַלט שוין אין צאַנקען
עס מינעט, עס פינטלט—אָט לעשט זיך עס אויס...
באַם סאָפּ פון דעמבריוו, בא די לעצטע געדאַנקען
געשטעלט האָט יורדאַן א ראָספּראָנטישע פויסט.

צ. דאָלגאָפּאָלסקי

# ווי א זײַטיקער מענטש

(פראגמענט)

דער פורגאָנ איז צוגעפאָרנ צו דער זשאנדארם־פארוואלטונג שפעט אינ דער נאכט. א צווייִשטאָקיקער מויער אינ צענטער שטאָט. אנ אלטע געבײַדע פונ די פרומע שנייערסאָנס. דער ארײַנגאנג איז ניט באלויכטנ אונ אויכ ניט באוואכט. א קאלטער נאסער שניי שמײַסט אינ פּאָנעם, עס נעמט דורכ די קעלט, אונ אראָפּ־קריכנדיק פונ פור איז שווער די פיס אויסצוגלײַכנ.

מאטראָסאָוו, ווי א מענטש א געניטער, א שטענדיקער ארײַנגייער, האָט אופגעעפנט די טיר. א קאלטע פינצטערניש האָט געגעבנ א שפאר אפ סראָליקנ. ער האָט געמאכט עטלעכע ניט זיכערע טריט אונ האָט אנ אופגערעגטער זיכ אָפּגעשטעלט.

— גיט פײַער, רײַבט אָנ א שוועבעלע, — האָט סראָליק געפאָדערט.

— רויִקער, — האָט גראָב געענטפערט דער זשאנדארם, וועלכער איז מיט א טאָג צוריק געווענ אזוי איידל אינ ביר־קראָם, — דאָ איז ניט קיינ ארײַנפאָר־הויז; גייט, גייט פאָרויס, — האָט ער געקאָמאנדעוועט... — דרייסטער, דרייסטער.

סראָליק האָט זיכ ניט גערירט פונ אָרט. דאנ האָט דער זשאנדארם אָנגעטאפּט דעמ קראגנ פונ סראָליקס מאנטל, אָנגענומענ פעסט אינ די הענט אונ שטייענדיק פונ הינטנ האָט ער באפוילנ:

— נו, דרייסטער, גייט, איכ האלט אײַכ. איר וועט ניט דורכפאלנ.

א נישטיקער צוזאמענשטויס אונ א פארשפּילטער, האָט סראָליק זיכ געיִאדעט. אפ ווײַטער דארפ יעדער טראָט גוט דורכגעטראכט ווערנ: דו ביסט אינ טורמע.

די זשאנדאר־פארוואלטונג איז געווענ פוסט אונ שטארק באלויכטנ. די ליכט האָט געבלענדט די אויגנ. הינטער דער טיר אינ א ווינקעלע איז געזעסנ א זשאנ־דארמ בא א ניט פארענדיקטער דאמקע־שפּיל. ער האָט זיכ אופגעהויבנ פונ אָרט אזא פארשלאָפענער אונ האָט ניט ארויסגעוויזנ קיינ איבעריקנ אינטערעס צומ ארעס־טירטנ אונ זײַנע באגלייטער. אזוי מוז זיכ פארהאלטנ א קוואָרעס־מאנ, ווענ מע ברענגט צו אימ א בארמענענ.

מאטראָסאָוו האָט אָפּגעטרייסלט די נאסע, צעקלאָטשעטע באָרד, האָט זיכ היימ־לעכ אויסגעטאָנ, פונ אָפּשלאָג פונ ארבל ארויסגענומענ א פאקעט, איז צוגע־גאנגענ צו א טיר, זיכ אויסגעגלײַכט, אראָפּגעצויגנ זײַנ יאק אונ איז אינ צווייטנ

צימער אַרײַנ. ער האָט זיכ פונ דאָרט א היפּשע צײַט ניט אומגעקערט. אָנשטאָט אים האָט זיכ באַוויזנ א יונגער זשאַנדאַרמישער אָפיצער. ער האָט געענטפערט אפ דער באַגריסונג פונ צווייטנ באַגלייטער אונ האָט אַלפּיכויוו באַטראַכט סראָליקנ. ער האָט ווי געטײַנעט צו זיכ:

— אָט דאָס איז ער... הם... הם... א ביר־פּאַרקויפער... וואָס טוט מענ מיט אים? פירט אים אפ איבערנעכטיקנ,—אונ איז פונ צימער אַרויס.

באַלד איז אַרײַנ צוזאַמענ מיט מאַטראָסאָווונ אַנ אַלטער זשאַנדאַרם. די נידעריק אַראָפּגערוקטע היטל האָט דאָכ ניט פאַרדעקט זײַנ פליכיקנ, אָפּגעבריטנ קאָפּ.

— ער בונטעוועט ניט? האַלט זיכ רויִק? וועט ניט אַנטלויפנ?

אונ האָט בא די רייד אַראָפּגענומענ פונ זיכ זײַנ ברייטנ רימענעם פּאַס, איז צוגעגאַנגענ צו סראָליקנ פונ הינטנ, האָט אים אַרומגעכאַפּט נידעריקער פונ דער ברוסט אונ אַליינ האָט ער די בּרעגנ פונ פּאַס געהאַלטנ פעסט אינ זײַנע הענט.

דער זשאַנדאַרם האָט בראַווירט. ער האָט זיכ באַרימט פאַר זײַנע קאָלעגנ, אַז בא זיי גייט מענ דורכ דעמ קאָרידאָר אפ אַזאַ מאַניר. אונ זאָל דער אַרעסטירטער ניט נעמענ פאַר אומגוט.

באַם צופאָר האָט געוואַרט א איזוואָזטשיק, אַנ אַלטער רירעוודיקער ייִד. ער האָט אופגעהויבנ דאָס טיפע רימענע בײַדל פונ קאַרעטקע, האָט אופגעעפנט דאָס טירל פונ לאַמטערנ, האָט זיכ געייסיקט דאָרט.

— א איוורי?—האָט ער געפרעגט, אַרײַנקוקנדיק אינ לאַמטערנ:—ווײַזט אויס מע טוט נאָכ עפּעס יאָ,—אונ איז אַרופ אפ די קאָזלעס.

— ריר זיכ! וואָס פלאַפּלסטו?—האָט דער זשאַנדאַרם געפּאָדערט.

— וואָס?—האָט דער איזוואָזטשיק אַרײַנגעשטעקט דעמ קאָפּ אינ בײַדל, אײַנגע־קוקט זיכ אינ סראָליקנ.—זאָגסט עפּעס?

דער פליכיקער זשאַנדאַרמ איז געוואָרנ שרעקלעכ בייז. ער האָט אָנגעהויבנ אונטערײַלנ דעמ איזוואָזטשיק.

— די מינוט.—אונ איז אַראָפּגעקראָכנ פונ די קאָזלעס.

— וווּהינ? וווּהינ?—איז דער זשאַנדאַרמ געוואָרנ אומרויִק.

— דו זעסט ניט, אַז דער לאַמטערנ לעשט זיכ. עס לוינט דער אייסיק צאָלנ שטראָפ.—ער האָט אָפּגעעפנט דאָס טירל פונ לאַמטערנ אונ האָט צוגעמאַכט. איז אַרופ אפ די קאָזלעס אונ האָט א צי געטאָנ די לייצעס.

דער אַלטער איזוואָזטשיק האָט געהאַלטנ אינ איינ טײַנענ. ער האָט געמיינט, האָט ער גערעדט צו זיכ, אַז אַלץ האָט זיכ אָפּגעשטעלט, אונ האָט א טריב געטאָנ דעמ פערד אונ ווײַטער צו זיכ: אַרבעט מענ דאָכ נאָכ יאָ צו ביסלעכ...

— קאַנאַליע,—האָט דער אַלטער זשאַנדאַרמ זיכ צעשריִענ,—וואָס באַלבעסטו דאָ פאַ זשידאָווסקי?

— איכ האָב אים אינ דרערד,—האָט דער איזוואָזטשיק געענטפערט.

— וואָס גייסטו טראָט בא טראָט,—האָט סראָליקס נײַער באַגלייטער זיכ ניט באַ־רויִקט אונ דער איזוואָזטשיק ווידער טײַנעט זיכ אויס:—מע פאָרט דענ ניט? מע פאָרט דאָכ, מע פאָרט דענ אפ א כאַסענע,—האָט ער פונ די קאָזלעס אַפּעלירט צו סראָליקנ, אַרײַנשטעקנדיק א צווייטנ מאָל דעמ קאָפּ אינ בײַדל...—נאָ, נאָ... מײַנ

בעג פינצטערט שוינ באלד א יאָר... טראָגײַ, זאָלנ זיי צעסארפעט ווערנ ביזג צענטנ דאָר.

— דו ווערסט עס געדענקענ, קאנאליע,—האָט דער אלטער שפּיאָנ געדראָט דעם פּורמאנ, שטייענדיק מיט סראָליקנ באם טיר פונ טורמע.

— קאנאליע! מײַנ פאמיליע איז ניט קאנאליע, מײַנ פאמיליע איז נעכאמקינ, סאלאָמאָנ נעכאמקינ, כ'וועל זיכ קלאָגנ אפ דיר דעם פאָלקאָווניק... געריסט דאָרטנ מײַנ בענ... איכ וועל זיכ קלאָגנ. איכ בעט אײַכ—געריסט,—האָט ער געזאָגט אינ יִדיש אונ האָט א צי געטאָנ די לייצעס.

סראָליק איז דורכגעגאנגענ די קאָרידאָרנ, דעם הויפ, האָט זיכ אָפּגעשטעלט בא אנ איינשטאָקיקנ מויערל. דאָ האָט זיכ געעפנט א טיר, וועלכע האָט זיכ הינטער אים פארהאקט.

אינ א קאמער מיט איינ פענצטער זײַנענ געשטאנענ דרײַ אײַזערנע בעטלעכ אָנ בעטגעוואנט, אָנ ברעטער אפ זיי. נאָר אפנ דיל האָבנ זיכ געוואלגערט צוויי ברעטלעכ, סראָליק האָט זיי ארופגעלייט אפנ בעטל אונ האָט זיכ אפ זיי ווי עס איז אויסגעצויגנ. אינ צימער איז געווענ קאלט אונ פײַכט. באלויכטנ איז ער געווענ פונ דרויסנ, פונ הויפיקנ לאָמפּ.

ער האָט זיכ אויסגעצויגנ אונ געוואָרט אפ טאָג. ער האָט פונדעסטוועגנ ניט פארשטאנענ, וואָס דאָ קומט פאָר. ער האָט זיכ דערפילט, ווי א פויגל, וואָס האָט זיכ אָפּגעשלאָגנ פונ איר מאכנע, פארבליבנ אנ אָפּגעמאטערטער אינ וועג. ווי דאָס זאָל ניט זײַנ מאָדנע—דער אלטער נעכאמקינ האָט אפ אים געמאכט אנ אײַנדרוק. דער אלטער האָט זיכ די גאנצע צײַט געהאלטנ קריגעריש אונ ער האָט דאָכ ריזיקירט. ער איז שוינ גראד ניט אזױ נאריש, ער זאָל ניט אָפּשאצנ די געפאר, ווי אײַנרײַסנ מיט א זשאנדארמ, ווענ ער פירט אנ ארעסטירטנ אינ טורמע. דער אלטער האָט דערפירט דעם פּליכיקנ שפּיאָנ ביז שוימ אינ מויל אונ אליינ איז ער די גאנצע צײַט געווענ אינערלעכ איבערצײַגנדיק. דער ארעסט פונ זײַנ זונ האָט אים צוגעגעבנ, דעם אלטנ, מוט. סראָליק האָט אנאליזירט א ריי דערשײַנונגענ אונ האָט ניט געקאָנט געבנ קיינ קלאָרנ ענטפער אפ די ווידערשפּרעכנדיקע פאקטנ. אזא אלטער, אזא פראָסטער מענטש, ווי דער פורמאנ—ווײַזט ער ארויס פּראָטעסט, צאָרנ אונ ער, סראָליק, איז ביזנ ארעסט געווענ אפאטיש, פאסיוו, אָפּגעלאָזנ. ווו האלט ער איצט, סראָליק, אינ דער וועלט? אימ שטייט פאָר א פארהער, ניט איינער עפשער. וואָס קאָנ ער זאָגנ וועגנ זיכ. ניט פאר די זשאנדארמענ, נאָר פאָר זיכ זעלבסט. ווי וואָלט אוועק ווײַטער זײַנ לעבנסוועג, ווענ ער ווערט ניט ארויסגעריסנ מיט גוואלד פונ דער קליינבירגערלעכער סטיכיִע?

ער האָט זיכ דערמאָנט אָנ מאכקענ. ער איז אײַנגעשלאָפנ. ער האָט זי געדריקט צו זיכ. זי האָט אים געגלעט די האָר, זי האָט אים געצערטלט. ער האָט אופגעעפנט די אויגנ. אפ זײַנ פּאָנעם האָט זיכ צעשפּילט א פּאסיקל ליכט, עמעסדיקע, פרײלינגדיקע זונ־ליכט. ער האָט דערהערט א געשפּרעכ פונ דרויסנ, א געשפּרעכ, וואָס האָט צו אים א שײַכעס.

— א גאסט אינ די „מעבלירטע צימערנ".

— כאווער, ווער זײַט איר? הייבט זיכ אופ אפנ פענצטער. איצט קאָנ מענ, אונ

שפּעטער וועט מענ ניט קאָנענ... איר פרעגט, וואָס טוענ מיר דאָ? מיר זעגנ דאָ האָלצ. צי מע נויט דאָס אונדז? ניינ, פרייַוויליק. ווו געפינט איר זיכ? אינ איבער־שיקונג־פּונקט... מיר רופנ עס „מעבלירטע צימערנ״... וואָס ווילט איר אָנזאָגנ אפ דער פרייַ...

סראָליק האָט זיכ באוויזנ אינ פענצטער, האָט זיכ באגריסט, נאָר ער האָט גע־מוזט טייקעפ זיכ אראָפּלאָזנ: א טורמע־באאמטער איז געגאנגענ צו זייַנ קאמער. סראָליק האָט פלינק אראָפּגעשלעפּט די בעט, אוועקגעשטעלט אפ איר אָרט, אויסגע־צויגנ זיכ אפ זייַנ געלעגער, געוואַרט, אז אָט גייט מענ אריַנ, נאָר קיינער האָט זיכ ניט באוויזנ. איז מענ צוגעטראָטנ צו דער ארבעט. די זעג האָט געארבעט מיט א קלונג און האָט אריַנגעטראָגנ א מונטערקייַט אינ סראָליקס געמיט. דער געפיל, וואָס אָט לעבנ אימ שטייענ מענטשנ אונ ארבעטנ, האָט בארויִקט אונ דערוואַרעמט.

סראָליק האָט געבעטנ א בלייַפעדער.

— מיט פאפּיר? — האָט ער דערהערט א שטימ פונ די זעגער.

— פאפּיר איז דאָ א שטיקל.

באלד איז אינ קאמער אריַנגעפאלנ א קייַקל פונ פרישנ ברויט. אינ איר האָט געשטעקט א פּיצל פונ א בלייַפעדער. סראָליק האָט זיכ דערפרייט. ער האָט זיכ אויסגעצויגנ אפ זייַנ געלעגער מיטנ פּאָנעמ אראָפּ אונ האָט פארשריבנ עטלעכע קורצע שורעלעכ, האָט זיכ געשטעלט, איבערגעלייענט אונ האָט א וואָרפ געטאָנ צו די האָלצ־העקער.

דאָרט באמ פענצטער איז געוואָרנ שטיל. די ארבעט מיט דער זעג האָט זיכ אָפּ־געשטעלט. זיי האָבנ, ווייַזט אויס, ניט געקאָנט איבערלייענענ — ווי צוליב דעמ, וואָס די בלייַפעדער האָט שלעכט געשריבנ, אזוי אויכ צוליב סראָליקס שלעכטער האנט־שריפט. אָבער זיי האָבנ דאָכ איבערגעלייענט. אינ טורמע איז גילטיק די שווערסטע האנטשריפט. סראָליק האָט געוואַרט. אימ איז געווענ אינטערעסאנט אויסצוהערנ אנ אָפּרופ פונ די אומבאקאנטע כאווערימ. אזוי טאקע האָט זיכ באקומענ. זיי האָבנ געפרעגט:

— איר שרייַבט? ווי איז אייַער פאמיליע? אביסל מונטערער, כאווער.

דער טאָנ ווי צו אנ אייגענעמ האָט דערמונטערט. ער האָט זיכ דערמאָנט אפנ גערוס פונ דעמ אלטנ נעכאמקינענ. סראָליק האָט געפרעגט, צי קאָנענ זיי דאָ אזא?

— דאָס בינ איכ, — האָט ער דערהערט די זעלבע שטימ.

— דאנ האָב איכ פאר אייַכ א גערוס פונ אייַער פאָטער.

— ווענ ט'איר אימ געזענ?

— ער האָט מיכ געבראכט אהער צו אייַכ.

נעכאמקינס שטימ האָט אָנגעהויבנ ציטערנ. מע האָט געקאָנט מיינענ, אז אימ האָט געערגערט דער גערוס פונעמ טאטנ, וועלכער האָט סראָליקנ אינ טורמע אָפּגע־פירט. סראָליק אָבער האָט בארויִקט נעכאמקינענ, האָט דערציילט פונ זייַנ טאטנ. סראָליק האָט זיכ אויפגעהויבנ אפנ פענצטער, קעריי נאָכאמאָל אָנקוקנ דעמ אלטנס זונ.

א גוטער, א רויִקער פּאָנעמ. קלוגע אויגנ, ברייט אינ די פּלייצעס, געזונט אונ שטארק.

כעוורע האָלצ־העקער זייַנענ צוגעטראָטנ צו דער ארבעט.

נאָכ האַלבנ טאָג האָט זיכ געעפנט די טיר פונ די „מעבלירטע צימערנ“. שטייענדיק באַם שוועל, האָט א מענטש מיט א בונט שליסלענ אינ דער האַנט א ברום געטאָנ:

— פאַרנעמענ די זאַכנ!

אינדרויסנ האָט זיכ אײַנגעשטעלט א וואַרעמער, א זוניק־פּרילינגדיקער טאָג. ארויסגייענדיק פונ דער פײַכטער קאַמער, האָט זיכ דער פרילינג באַזונדערס געפילט.

די האַלץ־העקער האָט מענ דאָ ניט געזענ. סראָליק איז דורכגעגאַנגענ דעמ גאַנצנ טורמע־הויפ. אינ א ווינקל זײַנענ געשטאַנענ עטלעכע אַרעסטירטע. זיי האָבנ פונווײַטנ זיכ באַגריסט מיט סראָליקנ. אפ די פענצטער זײַנענ געשטאַנענ מענטשנ, ווײַזט אויס, פּאָליטישע און האָבנ צוגעהיט דעמ גאַסט. „זיי מוזנ מיינענ, אַז איכ בינ זייער א וויכטיקער אַרעסטירטער“, האָט סראָליק געטראַכט. ווענ זיי, די עמעסע קעמפער, וואָלטנ וויסנ, אַז ער שטייט שוינ א לאַנגע צײַט אפ דער אַנדער זײַט פונ דער רעוואָליוציע, וואָלטנ זיי ניט געמאַכט פונ אימ אַזא וועזנ.

באַם ארויסגאַנג פונ טורמע האָט אפ סראָליקנ געוואַרט דער זעלבער באַגלייטער. ער האָט סראָליקנ באַגעגנט, ווי א באַקאַנטנ. דער זשאַנדאַרמ האָט אָנגערוקט דאָס היטל. עס האָט אויסגעוויזנ אפ אימ צו גרויס און האָט זיכ שלעכט געהאַלטנ אפ זײַנ קאָפּ — אַנ אָפּגעבריטער, א נאַקעטער, ערטערווײַז אינ רויטע פאַרהיילטע וווּנדנ.

— מיר פאָרנ,— האָט ער העפלעכ געוויזנ מיט דער האַנט אפ א פורל מיט אַנ אופגעהויבנ ביידל.

— וווּהינ? — האָט סראָליק געפרעגט.

— אפנ וואָקזאַל, — האָט דער זשאַנדאַרמ געענטפערט.

— אײַכ איז פאַרבאָטנ צו זאָגנ, וווּהינ מע פירט מיכ? — האָט סראָליק געפרעגט.

— איכ בינ ניט מעכוייעוו דאָס צו טאָנ, — האָט ער געענטפערט, און האָט פאַרנומענ דאָס צווייטע אָרט אינ פורל, האָט זיכ פרײַנטלעכ, קימאַט צערטלעכ צוגערוקט צו סראָליקנ.

די פור איז דורכגעגאַנגענ די הויפּט־גאַס, איז ארופגעפאָרנ אפ דער שלאָס־גאַס. דאָ אפנ ראָג האָבנ זיכ געשפּילט שול־קינדער. לעבנ זיי איז געשטאַנענ, קענטיק, זייער לערער. אַז די פור איז פאַרבײַגעפאָרנ די שול, האָט סראָליק דערהערט.

— אדוינִי מוירע, מע פירט א „סאָצאַליסט“!

סראָליק האָט זיכ געגעבנ א בויג אומדערוואַרטעט פאַר זײַנ באַגלייטער, האָט ארויסגעשטעקט דעמ קאָפּ פונ ביידל. נאָכ דער פור האָבנ זיכ געלאָזנ לויפנ עטלעכע שול־קינדער. ווײַזט אויס, זיי האָבנ געוואָלט ארומיאָגנ די פור און אָנקוקנ אינ פּנעמ דעמ „סאָצאַליסט“. סראָליק האָט געשמייכלט צו די קינדער, געווונקענ צו זיי. ס'איז געווענ לעכערלעכ צו זענ, ווי דער לערער, אַנ איבערגעשראָקענער, מיט ארויסגעשטאַרצטע באַזעדעווע אויגנ, האָט געדראָט מיט די פויסטנ דער נײַגעריקער כעווריע:

— שוווּ, שוווּ, — האָט ער געשריִענ אינ העברעיִש און איז אריבער אינ רוסיש: נאַזאַד.

דער זשאַנדאַרמ האָט זיכ אָנגעבלאָזנ. געשוויגנ. געוואָרנ פאָרזיכטיקער. נאָכ נעענטער זיכ צוגערוקט צו סראָליקנ.

— איר האָט ניט געדאַרפט ארויסשטעקנ דעמ קאָפּ פונ פור.—האָט ער געזאָגט.— מיר האָבנ אייַך געהאַלטנ פאַר א שטילנ מענטשנ... איך קאָנ אייַך זאָגנ, וווּהינ איר פאָרט. אייַך וועט אויסקומענ זיך פאַנאַנדערצאָלנ פאַר אַלטע זינד. איך פיר אייַך אריבער אינ רעשוס פונ אנ אנדער זשאַנדאַרמישער פאַרוואַלטונג. זאָלנ זיי טאָנ מיט אייַך, וואָס זיי ווילנ. בא אונדז האָט איר... האָבנ מיר קיינ זאַך ניט געפונענ.

אליינ דער פּאָלקאָווניק האָט געלאַכט: אנטלאָפנ... וווּהינ אנטלאָפנ, צו זיך אהיימ אנטלאָפנ; אנ אנטלאָפענער, וואָס זיצט בא זיך אינדערהיימ... ווי מיינט איר—וווּהינ פאָרט איר? איר ווייסט דאָך אוואַדע, ווו איר האָט אָרגאַניזירט שטרייַקנ, ווו איר האָט פאַנאַנדערגעוואָרפנ פּראָקלאַמאַציעס, ווו מע האָט געשלאָגנ שטרייַק-ברעכער... איצט ווייסט איר שוינ וווּהינ איר פאָרט?

סראָליק האָט געשוויגנ. יאָ, ער האָט לעערעך געוווּסט, וווּהינ מע פירט אימ. דער אַלטער שפּיאָנ האָט, ווי מע זאָגט, געלייענט ווי פונ א בוך. הייסט עס, אז זייַנ ארעסט איז פאַרבונדנ מיט דער ארבעט פונ זייַנ פריִיקנ זעוועלער פּעריאָד. עמעצער האָט געפונענ דעמ לעצטנ רונג פונ דער איבערגעריסענער קייט. אינ זיקאָרנ זייַנענ אָפּגעפרישט געוואָרנ געשעעענישנ נאָך געשעענישנ. אָנגעהויבנ האָט זיך עס אזוי. צוזאַמענ מיט סראָליקנ האָבנ ארבעטער זיך אָנגעהויבנ צוקוקנ און צוהערנ צומ ארומיקנ לעבנ. באָרעכקע קאַסעלאַפער, אָפּוועגנדיק די אויסגעארבעטע פוך, האָט איינמאָל אויסגעשריִענ:

— ראַכמיִעל, באַקומט די מערוווערט.

— און איך זאָג דענ ניט, אז דו ביסט מער ווערט, אוואַדע ביסטו מער ווערט. וועסט קריגנ א הויסאָפּע.

אינ שטיבל האָט מענ געלאַכט. ראַכמיִעל ווייס אפילע ניט, וואָס דאָס איז מער-ווערט. אידלקע שטייַפער איז דאַנ צוגעגאַנגענ צו ראַכמיִעלקענ און אַרייַנגעשריִענ אימ אינ אויער.

— מערווערט איז ניט מער ווערט, מערווערט איז עקספּלואַטאַציע.

— ווער איז מער ווערט און דו ביסט גאָרנישט ווערט,—האָט געענטפערט ראַכ-מיִעלקע:—טאַציע, פּאַציע—קלייַבט פונ פייַער.

דינינקע ביכעלעך מיט קלאָרע אויסיעס אפ פּאָסט-פּאַפּיר האָט מענ פאַרנ ווינ-טער איבערגעלייענט ביזנ לעצטנ אָס. דער ארבעטער האָט זיך אויסגעגלייַכט. מע האָט געוואַרט מיט אומגעדולד, אפ שאַבעס. מע פלעגט אויך אינ מיטנ וואָך, נאָך דעמ לאַנגנ ארבעט-טאָג, זיך ארומוואַשנ און קומענ אפ א קרייַזל און אפ מאָרגנ האָבנ די אָנטיילנעמער איבערגעוואָרפנ זיך מיט ווערטלעך וועגנ דעמ, וואָס איז איבער-געלייענט געוואָרנ אָדער אויסגעהערט געוואָרנ. די ארבעטער האָבנ זיך א רוק גע-טאָנ פאָרויס. די צייַט איז בא די פאַבריקאַנטנ געווענ א גוטע. ארבעט איז געווענ אסאַך און די פאָדערונג אפ די אויסגעארבעטע סכוירע איז געווענ נאָך גרעסער. די באַלעבאַטימ האָבנ קאָקעטירט מיט די ארבעטער, געכאַנפעט זיי. דאָס דעמ, דאָס יענעמ געקניפּנ אינ באַק, געריסנ דעמ אויער.

— די מאַמע דייַנע האָט געפירט א בעהיימע פונ מאַרק — זייער רעכט, זייער רעכט.

— א נײַער אָנצוג? איצט בלײַבט שיקנ צו דיר א שאדכנ. וואָס, ס'איז דענ ניט צײַט?

— אײַ, אײַ, אײַ! דו מאכסט קידעש פונ זיבנ־אונ־פופציקער.

— ווער האָט פונ אײַכ געהערט דעם בלינדנ כאזנ? א קיילע.

— אונ דעם מאגעד? אכ, א מויל, אכ, א שפראכ.

די פאבריקאנטנ האָבנ געוואָלט אָפקומענ מיט גוטע רייד. זיי איז געווענ באוווּסט, אז אינ פוילנ פירנ די ארבעטער א קאמפ מיט זייערע פאבריקאנטנ. אָבער פוילנ איז פונדאנענ ווײַט. זיי האָבנ ניט געוווּסט אונ האָבנ נאָכ ניט געטאָרט וויסנ, אז די ארבעטער, מיט וועלכע זיי שמועסנ אזוי ברידערלעכ אונ ליבלעכ, האָבנ שוינ איבערגעלייענט „פונ וואָס איינער לעבט“, „שפינענ אונ פליגנ“, נומערנ פונ דער פראָפעסיאָנעלער צײַטונג. עס איז באשטימט געוואָרנ נאָכ פייסעכ דערקלערנ א שטרײַק.

איינמאָל האָט סראָליק ארײַנגעטראָגנ אפ א זיצונג אזא פאָרשלאג: ס'איז דאָ א געלעגנהײַט אויספרוּװנ די ארבעטער, צי זיי זײַנענ צוגעגרייט צו א שטרײַק. די געלעגנהײַט מוז אויסגענוצט ווערנ, דער ענגער קרײַז כאווײרים האָט ניט געוווּסט וועגנ וואָס עס האנדלט זיכ. דאנ האָט סראָליק דערקלערט: אויסנוצנ די כאסענע פונעם פאבריקאנטס זונ.

דער פאבריקאנט האָט אראָפגעבראכט עפעס זייער א יאכסאָנעסדיקע אונ א געלערנטע שנור פאר זײַנ זונ. האָט מענ פאר די מעכוטאָנים אונ פאר דער קומענדיקער שוטעפטע געדארפט דעמאָנסטרירנ די רײַכקײַט פונ פאבריקאנט אונ כוצ דעם האָט מענ געוואָלט אונטערקויפנ דעם ארבעטער. האָבנ די פאבריקאנטנ באשלאָסנ אײַנלאדנ אפ זייער סימכע אלע ארבעטער. מע האָט אפ א טאָג באפרײַט די פאבריק פונ די טישנ אונ ווארשטאטנ. געריייניקט, געקאלכט, צוגעגרייט עסנזאכנ אונ אלערליי געטראנקענ. אונ די ארבעטער, וואָס זײַנענ געווענ שרעקלעכ עקספלואַטירט, האָבנ עס געדארפט באשײַנענ די סימכע. דאנ איז אויסגעארבעט געוואָרנ אזא פלאנ. די ארבעטער מאכנ אנ אָנשטעל, אז זיי גרייטנ זיכ צו דער כאסענע. זאָל דער פאבריקאנט אלצ צוגרייטנ. זאָל ער אײַנלאדנ סארווער אונ קלעזמער. זאָל ער דערנאָכ ווארטנ אפ די געסט. זאָל ער ווארטנ לאנג, אָבער קיינער פונ די ארבעטער וועלנ ניט קומענ.

די ארבעטער האָבנ געוואָרפנ די ארבעט מיט א טאָג פריִער. הייסט עס, אז זיי גרייטנ זיכ. אינדערעמעסנ אָבער, האָט מענ אינדערשטיל אָפגעהאלטנ פלוג־פארזאמלונגענ. אויסגעטיילט פיקעטנ. אָפגערעדט דעם ארבעטער פונ דעם אומזיסטנ טרונק, אונ די רעפעטיציע האָט זיכ אײַנגעגעבנ. דער פאבריקאנט מיט די מעכוטאָנים האָבנ לאנג, לאנג געווארט אפ די אָרעמע געסט, אָבער געקומענ זײַנענ צו דער סימכע נאָר א פאָר אָפגעשטאנענע אונ נידערגעשלאָגענע ארבעטער. די איבעריקע זײַנענ געבליבנ זיצנ אינדערהיים. די איידעלע שנור האָט פארענדיקט דעם אָוונט מיט היסטעריק. דאָס איז געווענ אנ אומדערווארטעטער קלאפ. ניט געווענ אפ דער פאבריק קיינ באלאָנים אפ אומזיסטנ קיבעד־פונעם פאבריקאנט.

עטלעכע טעג האָט זיכ דער פאבריקאנט ניט באוויזנ אינ די שטיבלעכ. דער פאטש אינ פאָנעם איז דערגאנגענ ביז דער גאס, ביז די מארק־ווײַבער.

— הונדערטער שטיקער פלייש און פיש, טאָרטן און לעקעך...—האָט מען גע־רעדט—זאָלן זיי פרעסן און דערוואָרגן ווערן.

אין עטלעכע טעג ארום האָט דער פאבריקאנט אויסגעהאנגען א צעטל, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן פון סראָליקן. א צעטל, אז די און די ארבעטער ווערן אָפּגע־זאָגט פון דער ארבעט. עס איז דערקלערט געוואָרן א שטרייק. ער האָט געדויערט פון פייסעך ביז שוועס. אַפּ אלע פאָדערונגען זיינען די פאבריקאנטן איינגעגאנגען, אָבער סראָליק מיט נאָך צוויי כאַווירים האָבן געמוזט פארלאָזן די שטאָט. דאן איז סראָליק ארויסגערופן געוואָרן אין דער פראָפעסיאָנעלער אָרגאניזאציע פון צענטער. פונדאָרט איז ער ארויסגעפאָרן אין א נייעם אָפּגעשטאנענעם ראיאָן. אהין איז ער שוין געקומען מיט פראקטיק, מיט דערפארונג. דאָרט האָט ער אָפּגעארבעט א יאָר, אָנגעלעבט קאָפּשווינדל און הארץ־קלאפעניש, א קראנקער זיך אומגעקערט אהיים, אָבער א ריינער—ער האָט געלעבט אַפּ א פרעמדן נאָמען. אוועק אזא לאנגע צייט, און פלוצלינג ווערט ער ארעסטירט פאר אלטע זינד.

איצט פאָרט סראָליק אין דער זעלבער ריכטונג. סראָליקן דוכט זיך, אז ער זיצט אין זעלבן וואגאָן, אין דעם זעלבן קופע, וואָס אמאָל. דאן, געדענקט סראָליק, איז ער אויך געזעסן אין איין קופע מיט זשאנדארמען, מיט דריי פאראמאָל. זיי האָבן פריילעך געשמועסט צווישן זיך, האָבן עטוואָס אָפּגעלאכט פונעם יונגן סראָליקן, וועלכער, גאניוענעדיק זיך פון די זשאנדארמען, האָט נארעשעוואטע ארויסגענומען פון זיין טשעמאָדאנדל א גאנצ היפשן טפילן־זעקל, האָט אראָפּגעצויגן דעם לינקן ארבל פון רעקל, ארופגעקאשערט דעם ארבל פון דער לינקער האנט און האָט לויטן ריטואל אָרופגעדרייט דעם שעל יאד. די זשאנדארמען איז אפילע געפעלן געוואָרן די גאנצע פראָצעדור, געפעלן געוואָרן דאָס קעשענע־סידערל מיטן רוסישן אונטער־שריפט: „דאָזוואָלענאָ צענזוראָיו”.

— ווהין, יעווריישיק, פאָרסטו? ניט אין ביאלעסטאָק?—האָט א זשאנדארם זיך איינגעפרעסן אין סראָליקן. דאָס פרומע ייִנגל האָט געענטפערט אַפּ שטום־לאָשן, אז ניט, אז ניט אין ביאלעסטאָק. אַפּ דער. אנטקעגנדיקער פאָליצע איז געלעגן סראָליקס א צווייטער טשעמאָדאן מיט א פעקל אומלעגאלע ליטעראטור טאקע פאר ביאלעסטאָק.

— פאָרסטו ניט אין ביאלעסטאָק?—האָט דער זעלבער זשאנדארם איבערגע־פרעגט, און סראָליק האָט ניט געוווסט, ווער ווען עס נארט אָפּ. עפשער איז דער זשאנדאר נאָך קליגער פון אים, עפשער וועט ער אים צושטעלן צום זשאנדארם פון דער ערשטער סטאנציע. כוץ דעם טשעמאָדאן איז אויך אין די קעשענעס פאראן עפעס אזוינס, וואָס האָט געמאָגט ניט זיין. אגעוו, דער בילעט איז דאָך טאקע ביז ביאלעסטאָק. און טאָמער קומט שוין ארײַן דער קאָנטראָליאָר? זיי, די קאָנטראָליארן, האָבן שוין אזא טעווע. זיי האָבן ליב אָנרופן די סטאנציע, ביז וואנען דער בילעט איז גילטיק. סראָליק „דאוונט” און דער געדאנק ארבעט אָנגע־שטרענגט. וואָלט ער כאָטש געוווסט אוועלכע עס איז שטעטל, וואָס פון ביאלעס־טאָק דארף מען פאָרן מיט דער פור, וואָלט ער פארכאפט דעם ווען און וואָלט גע־פרעגט, ווי פאָרט מען אהינצו. ווייס ער נעבעך ניט דעם קאנט. דערפאר איז אים גוט, וואָס ער ענטפערט אַפּ שטום־לאָשן.

— לאָז אים טפילע טאָן, — שטעלט זיך אײַן פאר סראָליקן א צווייטער זשאנ־דארם. באלד פארלאָזן די זשאנדארמען דעם וואגאָן און סראָליק ווישט ארום דעם קאלטן שווייס פון שטערן. אין קופע קומען ארײַן שטעטלדיקע מענטשן מיט פעק־לעך, מיט זאכן, און סראָליקס לאגע ווערט זיכערער. בלײַבט אויסמײַדן די לעצטע געפאר, ביאלעסטאָק גופע. סראָליק געדענקט גוט, אז דער מעהאלעך פון וואגאָן ביזן ארויסגאנג האָט זיך אויסגעדאכט אומענדלעך לאנג. דאן איז ער ניט ארײַנגעפאלן. און איצט? צי וואָלט ער פײַיק געווען אף אזא ארבעט? סראָליק וויל ניט ענטפערן אף דער פראגע. אים איז שווער צו ענטפערן אף אזא וויכטיקער פראגע. ער איז גענוג צעשרויפט און אויסגעמאטערט פון ווען, פון די „מנבלירטע צימערן״,, פון צוויי שלאָפלאָזע נעכט.

ווי מיט יאָרן צוריק, איז דער וואגאָן, אין וועלכן סראָליק איז איצט געזעסן מיט זײַן באגלייטער, געווען קימאט א פוסטער. אף איינער א באן־סטאנציע, צווישן ווילנע און גראָדנע, האָט געוואַרט אפן צוג א היפשער אוילעם. אף דער פלאטפאָרמע זײַנען געשטאנען אויסגעפוצטע לײַט, סטודענטן אין היטלען מיט בלויע דענקעס, אין רעקלעך מיט זילבערנע עפּאָלעטן אף די אקסלען, מיידלעך געשאָ־רענע, קענטיק, קורסיסטקעס. ניט אנדערש — דער אוילעם איז געפאָרן פון א כא־סענע. די עלטערע לײַט האָבן זיך געזעגנט און געקוקט און בא אנדערע האָבן זיך דערבײַ געקלעפט די אויגן און זײַנען צוגעפאלן איינע צו די אנדערע, האלטנדיק זיך קאם אף די פיס. קוקנדיק אין פענצטער, האָט סראָליק דערזען, אז די כאסענע גייט אין זײַן וואגאָן. גייט פון צווייטן זײַט. ארײַנגעגאנגען אין וואגאָן איז מען מיט טומל, מיט אויסגעשרייען.

— איך בין א פרינציפּיעלער ליקווידאטער, — האָט סראָליק דערהערט.

ווי עס ווײַזט אויס, האָט זיך דאָ געהאנדלט וועגן ליקווידירן א פלעשל גע־טראנק, ווײַל באלד האָט זיך דערטראָגן פון צווייטן עק וואגאָן א טשאקעדיקער לעכאים און באלד נאָך דעם לעכאים א יידיש־רוסישער פּאָפּורי, וואָס הויבט זיך אָן פון „לאָמיר אלע אינײנעם״ און ענדיקט זיך מיט די „מארגאריטקעס״ און „או פאפא בילא סאָבאקא״.

אינדערצײַט, ווען די פּאסאזשירן האָבן זיך דערפילט אלץ היימלעכער און היימ־לעכער, האָט זיך א פּאָרל אָפּגעטיילט און איז ארײַן אין קופע, וווּ סראָליק איז גע־זעסן מיט זײַן באגלייטער. באגעגענענע דאָ אן ארעסטירטן איז, ווײַזט אויס, פאר זיי געווען אומגעריכט. זיי האָבן זיך טייקעף אומגעקערט צו זייערע כאווירים. ס'איז געוואָרן מיטאמאָל שטיל. דאָס זינגען האָט זיך אָפּגעהאקט, ווי מיט א שארפן מעסער. „דאָרט מוזן זיצן געוועזענע מענטשן״ — האָט סראָליק געטראכט: „בא די געוועזענע מענטשן איז דער געוויסן ניט ריין. פארשטייט זיך, ביז א צײַט. ביז דער געוויסן וואָרצלט אויס די לעצטע שפורן פון פּאָליטישער פאר־אנטוואָרטלעכקײַט, פּאָדערט זיך א געוויסע צײַט, פּאָדערן זיך געוויסע איבונגען״.

— א ייִד, — האָט סראָליק דערהערט. מע האָט גערעדט יידיש. עס האָט זיך אָנגע־הויבן א פּאָליטישע דיסקוסיע.

— איך גלויב ניט, אז א צעקראָכן יידיש באָכערל וועט אײַנברעכן די זעלבסט־הערשונג.

— אָבער אין פּרינציפּ. דו זאָג זיך ארויס אין פּרינציפּ.

— אין פּרינציפּ גײ איך מיט בערנשטײנען. איך גײ צום ארעסטירטן. איך וועל אײַך דערוויַיזן אפ א נישטיקן פּאקט, אז אין די ראמען פון געזעצלעכקײַט קאָן מען שוין בא אונדז ארבעטן. איך וועל אײַך דאָס שוין דערוויַיזן.

אין קופּע איז ארײַן א מענטש אין סראָליקס עלטער, הויך און קרעפּטיק, מיט באוועגונגען פון אן אקשן. דאָס שווארץ־פּעכיק בערדל איז פארלאָזן. דער פּאָנעם און די אויגן—אָנגעלאָפּענע, פולע.

ער איז צוגעגאנגען צום ארעסטירטן, האָט זיך באגריסט מיטן זשאנדארם, האָט געזאָגט:

— איך בין א יוריסט. דער געזעץ פארווערט ניט קומען צוהילפּ ארעסטירטע. דערלויבט אונדז—מיר זיצן אין צווייטן קופּע—איבערגעבן אײַך און אים, אָט דעם בירגער, עסנזאכן און אנדערע קלײניקײַטן, וואָס קאָן אים קומען צוניץ... איר דערלויבט?—א דאנק, בירגער. איך טראָג שוין ארײַן... וואָס פאר א פראגע?—האָט ער זיך בארימט, ארײַנגײענדיק צו זײַנע כאווײרים.

עס האָט ניט לאנג געדויערט און צו סראָליקן איז צוגעגאנגען אײנע פון די מײדלעך מיט א סטודענט. אין האנט איז בא זײ געווען א היפּש קערבל מיט שטעטלדיקע ייִדישע עסנזאכן—זיסע געבעקסן, געוויאָנדלטע פלײשן.

סראָליקס באגלײטער האָט א צעטומלטער ארויפגענומען דאָס היטל, האָט צוגערוקט דאָס קערבל צו סראָליקן. דער ארעסטירטער איז געוואָרן מאָדנע אופגעבראכט. ער האָט געזאָגט: ניט איבער אײַער יוריסט, אז איך בין זאט. די עסנזאכן קאָנט איר צונעמען, און האָט זיך געשטעלט מיטן פּאָנעם צום פענצטער.

— אָבער איך בעט אײַך, איך בעט אײַך.

— איך דאנק אײַך,—האָט ער זיך אומגעקערט מיטן פּאָנעם צו דער יונגער כענעוודיקער קורסיסטקע.—איך בין זאט. נעמט צו, איך בעט אײַך זײער, נעמט צו, אלץ נעמט צו.

דאָס פּאָרל האָט זיך אָפּגעטראָגן און דער זשאנדארם האָט באמערקט:

— כאָראָשענקאיא יעווריעטשקא. גוטע זאכן—פארוואָס זאָגט איר זיך אָפּ?

א צווייטן מאָל איז ארײַן דאָס מײדל אלײן. זי איז צוגעגאנגען גאָר נאָענט צו סראָליקן מיט א בעטנדיק פּאָנעם.

— איך פיל זיך פערזענלעך באלײדיקט,—האָט זי געזאָגט.—איר דארפט ניט קײן עסנזאכן, עפּשער דארפט איר געלט?

— נײן, איך דארף ניט.

— דאָס קאָן ניט זײַן.

— נײן, נײן, בארויִקט זיך—איך דארף גאָרנישט.

— עסן—ניט. געלט—ניט. דערמאָנט זיך, וואָס פעלט אײַך.

און איז ניט אָפּגעטראָטן. געשוויגן, געווארט, געשטאנען אן אונטערטעניקע, א ראכמאָנעסדיקע, א צארטע.

— סיציליא,—האָט סראָליק דערקאָנט די שטים פון יוריסט.—סיציליא, דאָוואָלנאָ. דאָוואָלנאָ.

— דערמאָנט זיך,—האָט סיציליע זיך פאראקשנט.

— א קעמעלע,—האָט סראָליק אפ צעלאָכעס דעם יוריסט זיכ דערמאָנט. צילִיע האָט זיכ דערפרייט. זי איז פונ קופע ארויס.

— ני ווקאַיעט סלוטשאיע, סיצִיליא,—האָט סראָליק דערהערט פונ צווייטנ קופע אונ באלד האָט זיכ דאָס מיידל אומגעקערט.

— אנ אויסלענדישע, מײַנע א פערזענלעכע מאַטאָנע, אונ האָט דערלאנגט א קעמעלע.

סראָליק האָט געהאלטנ אינ דער האנט דאָס קעמעלע אונ האָט ניט געוווּסט ווּ עס אהינצוטאָנ. ער איז געווענ הונגעריק. עס האָט אימ איצט ניט געפאסט מעלדנ וועגנ דעמ זײַנ באגלייטער. ערגעצ האָט נאָכ געדארפט זײַנ א שטיקל טײַ־ווורשט, ברויט געבײַטלטע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

סראָליק האָט אופגעעפנט די אויגנ א צעטומלטער. ער האָט ניט געוווּסט, ווּ ער געפינט זיכ. ער האָט זיכ ארומגעקוקט. לעבנ אימ איז געשטאנענ א מענטש. ער האָט אימ, סראָליקנ, געטרייסלט אפ אהינ אונ צוריק, האלטנדיק אימ פעסט פארנ פלייצע.

— ניט פאנאנדערצוּוועקנ... שטיי אופ! וועסט זיכ נאָכ אויסשלאָפנ—אונ איז פונ קאמער ארויס, ניט אומקערנדיק זיכ מער מיטנ פּאָנעם צו סראָליקנ.

אנ אײַזערנ בעטל, א צוגעשמידטע צו דער וואנט, אונטער סראָליקנ א קורצ אונ שיטער מאטראצל. א קישעלע—א הײַפל צעריבענע, גליטשיקע שטרוי אינ א ברודיק פארשמאָלצנ ציכעלע.

דער קאָפּ איז געווענ אָנגעגאָסנ ווי מיט בלײַ. דער געדאנק איז געווענ צומישט אונ אָנגעשטרענגט.

די בירהאלע, די הויז־זוכונג, דער ארעסט, דער קאָרידאָר פונ זשאנדארמ־פארוואלטונג, מאטראָסאָוו, דער באגלייטער מיטנ קראנקנ קאָפּ, די מעבלירטע צימערנ, די מעכוטאָנימ פונ דער רײַכער כאסענע, דער ליקווידאטער, סיצִילִיע אונ איר קעמעלע, די לעצטע רעוויזיע דאָ אינ טורמע, דער קאלטער אספאלטענער דיל אונטער די באָרוועסע פיס, קאלטע אונ ברודיקע הענט אפ דעמ נאקעטנ לײַב (מע האָט אויסגעטאָנ נאקעט, געזוכט אומעטומ, ווּ א האנט האָט נאָר געקאָנט דערלאנגענ),— אלצ האָט זיכ אויסגעמישט אונ איז ניט קלאָר אופגענומענ געוואָרנ.

די איינצל־קאמער האָט איצט אויסגעזענ ליכטיקער אונ מילדער איידער באנאכט, ווענ מע האָט אימ אהער ארײַנגעשטופּט. דאָס עלעקטריש לעמפל, וואָס האָט געשטעקט אינ מאַמע סטעליע, אײַנגעפאסט אינ א געדיכטער נעצ פונ דראָט, האָט אונטערגעהאלטנ די דריקנדיקע איינזאמקײַט אונ אומבאהאָלפנקײַט פונ אנ איזאָלירטנ מענטשנ. איצט האָט זיכ צעשפּילט אפ דער וואנט א זונ־העזל, א פאסיקל ליכט האָט זיכ אראָפּגעלאָזנ פונ פענצטער אפנ דיל. די געקאלכטע וואנט, וואָס אנטקעגנ בעט, איז געווענ גוט באלויכטנ. אָפּגעריבענע אונ פארקאלכטע אופשריפטנ האָבנ זיכ איבערגערופנ מיטנ נײַעמ שאָכנ, האָבנ פאָרגעלייגט סראָליקנ פאָרזעצנ די געשיכטע, וואָס איינער האָט אָנגעהויבנ מיט יאָרנ צוריק.

אינ א שווארצנ פענצטערל פונ טיר האָט זיכ באוויזנ א קאָפּ אונ צווײ הענט. איינ האנט האָט ארײַנגערוקט א צינענ פענדל, פונ וועלכער עס איז געגאנגענ א פארע,

די צווייטע האנט האָט באוויזנ א פענעצ ברויט. קיינ איינ וואָרט ניט אויסגערעדט, האָט דער מענטש שטיל פארהאקט דאָס פענצטערל. „א טויטע שטילקײַט"—אָט דאָס איז דאָס. סראָליק האָט זיכ פארבענקט נאָכ די „מעבלירטע צימערנ", סראָליקנ האָט זיכ געדוכט, אז דאָרט איז היימלעכער, אז דאָרט איז דאָס לעבנ ניט אָפגעשטעלט, ניט אויסגעלאָשנ.

סראָליק האָט אופגעשטעלט אינ זיקאָרנ אלצ, וואָס ער האָט געוווּסט פונ טורמע־לעבנ. ער האָט אויסגערעכנט אסאכ מענטשנ, וואָס האָבנ זיכ מוטיק געהאלטנ צענדליקער יאָרנ אינ פעסטונגענ—פיגנער, מאָראָזאָוו... ער האָט ווי איבערגעהאלטנ אינ די הענט בילדער פונ קאטאָרגע אונ פארשיקונג, ער האָט זיכ דערמאָנט אנ אנטלאָפענע, וואָס האָבנ געווינטערט אינ דער טײַגע. ער האָט געוווּסט צענדליקער נעמענ פונ העלדנ, אָבער די עמעסע טורמע, אינ דער ווירקלעכקײַט, זעט ער ערשט הײַנט אנ ערשטנ מאָל.

גוט, ער זיצט אינ טורמע, אינ איינצלקאמער, אָבער צי איז ער פארבונדנ מיט די מענטשנ פונ אָט דער פעסטונג? ער פילט זיכ דאָ ניט אינגאנצנ ווי אנ אייגענער. פארוואָס האָט מענ אימ ארעסטירט? פאר אלטע זינד? דאָס האָט ניט באפרידיקט. דאָס האָט באליידיקט, דאָס האָט דערנידעריקט.

ער האָט גענומענ ציילנ די טריט פונ עק אינ עק. פינפ טריט. ער האָט גענומענ שפאנענ אינ דיאגאָנאל, זעקס טריט. שפאנענדיק איבערנ צימער, האָט ער אָנגעהויבנ מורמלענ א לידל. ער האָט זיכ אופגעהויבנ אפ דעמ טאבורעט, געשטעלט זיכ אפ די שפיצ פינגער, געכאפט א בליק אינ הויפ. ער האָט דעמ הויפ ניט געקאָנט זענ. צוליב דעמ האָט ער זיכ געדארפט אופהייבנ העכער. ער איז אראָפגעשפרונגענ, ווידער געשפאנט איבערנ צימער. „מע דארפ צושטעלנ דאָס טישל צומ פענצטער אונ ארײַנקוקנ טיפער אינ הויפ".

עס האָט זיכ ברייט פאנאנדערגעעפנט די טיר. דאָס האָט איבעראשט: אופגעעפנט די טיר, אונ די שטילקײַט איז ניט געשטערט. ניט דערגאנגענ, ניט די טריט פונ קאָרידאָר, ניט דער קלונג פונ די שליסלענ. אינ קאמער איז געוואָרנ ענג פונ מענטשנ: דער טורמע־נאטשאלניק אונ נאָכ צוויי טורמע־באאמטע צו אימ. דער נאטשאלניק—אנ אויסגעכאָליעטער, א פרישער, א ציכטיקער אינ א ווײַסנ קיטל, פונ אימ האָט געשמעקט מיט פארפומענ.

— הײַנט אָנגעקומענ אונ האָט זיכ שוינ אופגעהויבנ אפנ פענצטער! אונ געזונגענ! קענטיק, אײַכ פעלט דאָ גאָרנישט. פאר אופהויבנ זיכ אפנ פענצטער — פארשטעלנ מיר די ליכט—אנ ערשטנ מאָל. א צווייטנ מאָל — לאָזנ מיר ניט ארויס אפנ שפאציר. זינגענ? זינגענ איז בא אונדז שטרענג פארבאָטנ. איר האָט די ערע צו זיצנ אינ אזא טורמע! איר דארפט וויסנ, אז צו אײַכ זיצנ נאָכ 99 מאנ. איר הערט ווי בא אונדז איז שטיל? ווי אויסגעשטאָרבנ! יעדער איז מיט אלצ באזאָרגט: א טישל, א טאבורעט, ארבעט, שטולגאנג—אָט אינ ווינקל. גוט צוגעדעקט... נו, מיר קאָנענ, אויב איר ווילט, די בעט צושליסנ צו דער וואנט, דאָס ווענדט זיכ אלצ אָנ אײַכ.

ער איז ארויס דער ערשטער. נאָכ אימ—די צוויי וועכטער. די טיר האָט זיכ שטיל פארמאכט. די דאָזיקע שטילקײַט נעמט אײַכ פארנ גאָרגל, זי שטיקט אײַכ אונ לאָזט אײַכ אָפ אונ נעמט אײַכ ווידער שטיקנ, ווי א קאצ שטיקט איר קאָרבנ.

סראָליק האָט זיך פונ דאָסנײַ צוגעהערט זייער שטיל. פונדעסטוועגנ רײַסט זיך ארויס פינ אוועלכנ עס איז צימער א טעמפער הוסט, א טיר פארמאכט זיך טויב אונ עפנט זיך אופ. אינ זײַנ טיר האָט סראָליק באמערקט א שפעלטל. פונדאָרט האָט ער דערזענ דעמ אונטערשטנ קאנט פונ אנ אנטקעגנדיקער טיר. דער קאנט איז העל באַלויכטנ פונ דער זונ. אפ דער ליכט לויפט אָנ א שאָטנ אונ טרעט אָפ. לויפט אָנ אונ טרעט אָפ. דאָרט שפאצירט איינער פונ די 100. אימ מוזנ אויך זײַנ וויניק די כינפ טריט.

סראָליק האָט זיך אָפגעשטעלט. ער האָט דערהערט פונ א ווינקל שטילע, פאַרזיכטיקע, טעמפע קלעפ. דאָס קלאפט מענ צו אימ. אָבער ער וויס ניט, וויַאזוי צו ענטפערנ. ער וויס ניט די באַדײַטונג פונ די קלעפ. ער האָט סטאמ גענומענ פויקנ. ער האָט באקומענ אנ ענטפער א נערוועזנ, אנ אופגערעגטנ. ער, סראָליק, איז דאָ א פארשפעטיקטער, א צופעליקער, א פרעמדער, וויַאזוי האָט דאָס פאסירט, וואָס ער וויס אפילע ניט דעמ אלעפבייז פונ איבערקלאפנ זיך. ער האָט אזא ביכל אמאָל געלייענט, אָבער ער קאָנ ניט אופשטעלנ אינ זיקאָרנ די אָרדענונג פונ די אויסיעס, אונ טאָמער איז איצט שוינ עפשער גאַר אנ אנדער שיפר, געוויס אנ אנדערער. איבערקלאפנ דארפ מענ אזוי, די טורמע־באאמטע זאָלנ דעמ געשפרעכ ניט איבערנעמענ.

עס האָט זיך א צווייטנ מאָל געעפנט די טיר.

— שפאצירנ,—האָט דער וועכטער ארויסגערופנ סראָליקנ. ער איז ארויס אינ קאָרידאָר. אינוויינִיקסטע טרעפ אונ אינוויינִיקסטע קאָרידאָרנ מיט טירנ, מיט טירנ. ער האָט זיך פלינק, ווי א ייִנגל, אראָפגעלאָזנ פונ די טרעפ. ער האָט געוואָלט אויסנוצנ יעדער רעגע פונעמ שפאציר. ער האָט, שפאצירנדיק איבערנ הויפ, געײַלט, קימאט געלאָפנ. ער האָט דאָרט באגעגנט א מענטשנ, וואָס האָט קאמ געשלעפט די פיס, וואָס האָט זיך אפאטיש ארומגעקוקט. וואָס איז מיט אימ, מיט די מענטשנ, האָט סראָליק ניט פארשטאנענ.

ער האָט אופגעהויבנ דעמ קאָפ אפנ דריטנ שטאָק פונעמ רויטנ קאָרפוס. ער האָט איבערגעציילט א גרויסע צאָל פענצטער, צו וועלכע עס איז ניט צוגעלאָזנ געוואָרנ קיינ ליכט. ער האָט געפאַקט דעמ טורמע־שעפ בא א ליגנ. אינ זײַנ שלאָס איז ניט אזוי רויִק, ווי ער האָט דערציילט.

— לאנג?—האָט סראָליק לויפנדיק געפרעגט בא א צווייטנ שפאצירנדיקנ, וואָס האָט זיך קאמ געשלעפט.

ער האָט גיט געענטפערט. עפשער איז דער מענטש מעשוגע? אונ עפשער האָט דער מענטש דערקאָנט אינ אימ א זײַטיקנ מענטשנ, א פריצ, א צופעליקנ, א מעשוגענעמ.

דער שפאציר האָט זיך פארענדיקט. סראָליק האָט זיך אומגעקערט צוריק אינ קאמער. פאָרויס איז געגאנגענ דער אפאטישער מענטש. ער האָט בעגליטשט די האנט איבערנ פארענצ פונ די טרעפ. סראָליק האָט דערזענ צווישנ די פינגער עפעס ענלעכעס אפ א פאפירל. סראָליק האָט פאָרזיכטיק אויסגעצויגנ די האנט, א צי געטאָנ צו זיך, אונ די טורמע האָט באקומענ א זינ.

— ווער זײַט איר? פארוואָס ענטפערט איר ניט?—האָט ער איבערגעלייענט. אוועק שוינ עטלעכע טעג אונ קיינער קלאפט ניט צו אימ אינ צימער אונ

קיינער באַגעגנט אימ ניט. מע האָט אימ צוגעזאָגט פאפיר, לערנ־ביכער, אָבער דערווײַל באקומט ער זיי ניט. פונ ליידיק ארומשלעפנ זיכ איבערנ קאמער, פונ איינזאמקייט, פונ אומבאוווסטקײַט הויבט אָנ זיכ צו מישנ דער געדאנק. ער קאָנ ניט אײַנשלאָפנ. עס מוז שוינ זײַנ צוועלפ, איינס, צוויי דער זייגער. ער שלאָפט ניט. ער וועט שוינ הײַנטיקע נאכט ניט שלאָפנ. ער עפנט די אויגנ — די שווידערלעכע גראָקייט ווירקט אפנ געדאנק ביז מעשוגאס. צו סראָליקנ שטייט ניט צו דער טרייסטנדיקער געדאנק, אז צו אימ זײַנענ פאראנ נאָכ 99, אז ביז אימ אונ נאָכ אימ וועט אפ דעמ געלעגער אלעמאָל ליגנ א מענטש. ער איז איצט ניט פייִק זיכ צו בארויִקנ. ער פילט, אז די נאכט איז א קריזיס־נאכט. הײַנט גיט ער אָפ עקזאמענ אפ איינזאמקייט, אָבער ניינ—דעמ עקזאמענ האלט ער ניט אויס. ער רירט זיכ פונ זינענ. ער ווערט דערשטיקט פונ שטילקייט. זי האָט אימ פעסט אָנגענומענ פארנ גאָרגל, זאָל כאָטש דערגיינ צו אימ א וועלכער ניט איז קלאנג.

האָבנ זיכ אָבער פונ די הונדערט איינזאמע אומבאהאָלפענע מענטשנ געפונענ אייניקע, וואָס זײַנענ אינ דערדאָזיקער שווידערלעכער נאכט געקומענ צוהילפ דעמ געוועזענעמ קעמפער, געראטעוועט אימ פונ מעשוגאס. דאָס האליוצינירט ער, סראָליק, אָדער דאָס איז אינ דער ווירקלעכקײַט? פונ די שפאלטנ פונ טיר האָבנ זיכ צו אימ אינ צימער ארײַנגעגאנוועט קליינינקע מענטשעלעכ אונ אָנגעהויבנ צו פויקנ. ער הערט זיכ צו. ניינ, די קלעפ גייענ ניט פונ קארליקלעכ פונ א קינדער־מײַסע. סראָליק הערט דײַטלעכ, ווי מע קלאפט שוינ ניט לעבנ זײַנ בעט. די קלעפ דערגייענ צו אימ פונ קאָרידאָר. איינמאָל, א צווייטנ מאָל, א דריטנ מאָל. יאָ, סראָליק האָט ניט קיינ טאָעס. ער שפרינגט אראָפ פונ זײַנ געלעגער. ער פארגעסט, אז די בעט זײַנע איז א נידעריקע, באקומט ער אנ אומגעריכטנ האק אינ די פיאטעס. ער באווײַזט נאָכ ניט אָפצוציילנ ביז דער טיר די דרײַ קארגע, הינקעדיקע טריט, ווי עס דערטראָגט זיכ צו אימ אנ עמעסע קאנאָנאדע אונ צו עטלעכע קאמערנ פאראמאָל. ער שטייט בא דער טיר אונ אימ שווידערט פונ אומדערווארטקײַטנ אונ פרייִד. ער לעבט, ער איז באמ זינענ. ער דענקט, ער האָפט, אז ער איז ניט איינזאמ. ווידער געציילטע קלעפ, אָבער שוינ כונ אנ אנדער ווינקל. א געלאָפ איבער די שווינדל־טרעפ פונ דרײַ־שטאָקיקנ קאָרידאָר. שויבנ ברעקלענ זיכ אָנ דעמ ברוק פונ הויפ. פונ פארשטאָפטע מײַלער רײַסנ זיכ ארויס צעדריבלטע, אָפגעהאקטע אויסגעשרייענ.

— פראָטעסטירט... אייניקט זיכ... שלאָגט... וואמפירנ... די שויבנ ברעכט, די טירנ.

— פארלענגערנ דעמ שפאציר אפ א שאָ,—דערטראָגט זיכ אנ אויסגעשריי א דײַטלעכער, א קלאָרער.

— זעונגענ, איבערגעבונגענ, אראָפנעמענ די קאסטנס פונ די פענצטער, באפרײַענ פונ קארצער.

— אראָפ דער נאטשאלניק! נידער! נידער!

סראָליק האָט אופגעהויבנ דעמ טאבורעט אונ האָט געגעבנ א זעצ אינ טיר. ניט זיכער, אינ טויט־שרעק. א צווייטנ זעצ. ער ווארט. אָט עפנט זיכ די טיר, אָט רײַסנ זיכ ארײַנ באוואָפנטע טורמע־וועכטער אונ צעברעכנ אימ ווי א קינ,

שלעפּן אים אַרויס פון צימער און וואַרפן אים אַרײַן אַ צעמיימעסטן אין דער פײַכטער גרוב, וואָס רופט זיך אָן קאַרצער. ער טוט אָפּ זיך אָן דאָס רעקל, דעם מאַנטל און קלאַפּט ווײַטער... יעדער קלאַפּ רופט אַרויס בא סראָליקן אַזאַ געפיל, ווי ער וואָלט אַרײַנטרעטן אין קאַמף מיט אַ מוירעדיקן גיבער. אָט איז סראָליקס רײַ. אָט דאַרף סראָליק אָפּלאָזן דעם גיבער אַ פּלעם אין באַק. און אָט וואַרט שוין סראָליק אָפּ אויסגאַב. פונעם קלאַפּ, וואָס ער וועט באַקומען, וועלן פליִען די ציינער פון מויל, וועלן די אויגן אַרויסקריכן פון די לעכער, וועט די באַקן־ביין צעשמעטערט ווערן אָפּ שטיקלעך און אַליין וועט ער פאַלן ווי אַן אונטערגעשניטענער.

אָבער קיינער ענטפערט ניט.

אָבער קיינער ענטפערט ניט. קיינער הערט זיך ניט צו צו אים. פאַראַן בילכערע, פאַראַנען געפערלעכערע פון אים. פאַראַן אָבער נעהאָרכזאַמערע, דערשלאָגענערע פון אים. ניט אין אַלע קאַמערן שטורעמט מען די גרויזאַמע טורמע־שטילקײַט, ווען פון אַלע 100 קאַמערן הויבט מען אָן קלאַפּן פאַראַמאָל! ווען אַלע האַקן אין די טירן! ברעכן די שויבן!

— און פאַרוואָס האַקסטו ניט אויס די שויבן?—פרעגט סראָליק בא זיך אַליין און ענטפערט ניט און רירט זיך ניט פון אָרט און וואַרט, אַז אָט, אָט עפנט זיך די טיר.

סראָליק הערט זיך צו: מע שלעפּט אַראָפּ פון די טרעפּ צעבײַלטע, צעמיימעסטע קערפּערס. כײַעס, וואָס האָבן זיי צוטאָן מיט די העלדן, וואָס האָבן אײַנדערנאַכט געגעבן דעם ערשטן שלאַכט דער טורמע־שטילקײַט. די דאָזיקע העלדן האָבן געראַטעוועט סראָליקן פון מעשוגאַס... איצט איז שוין שפּעט האַקן די שויבן, איצט איז שוין שפּעט, אָבער ער איז דאָך דאָס מעכויעוו צו טאָן.

די טיר האָט זיך אופגעעפנט, דער גאַטשאַלניק—דער ערשטער. דער קאָפּ—צעשויבערט. דער דאַשעק פון היטל אָנאַזײַט. ער נעמט אָן סראָליקן פאַר די לאַצן פון מאַנטל, טרייסלט.

— געקלאַפּט? שווײַגסט? געקלאַפּט, האַ? פאַרוואָס שלאָפסטו ניט, פאַרוואָס שלאָפסטו ניט?? איך פרעג—פאַרוואָס שלאָפסטו ניט?

— פאַרוואָס שלאָפט איר ניט?—פרעגט סראָליק און די נערוון קלײַבן זיך צונויף אין איין קראַמפּיקן קנויל.

— וואָס? אין קאַרצער! אָפּ דרײַ טעג אין קאַרצער! נאָרוואָס געקומען אין טורמע און שוין בונטעוועט. אין דער ערשטער רײַ, ווי נאָר עס באַפרײַט זיך דער קאַרצער. דו וועסט מיר קלאַפּן אין טיר! פאַראַן שפּאַלטן אין טיר? ניטאָ, אהא?.. און די שויבן געבראָכן? ניין? ניט געבראָכן? אַלציינס—קאַרצער!

אַזעלכע נעכט, וואָס שטורעמען די שטילקײַט, האָבן זיך ניט איבערגעכאַזערט. ניט געניטע מענטשן האָבן געקאָנט מיינען, אַז אין טורמע איז אַלץ ווי פריִער. אָבער דער, וואָס ציילט די צאָל פאַרהאַקטע פענצטער אין דרײַשטאָקיקן קאָרפּוס, דער, וואָס ציילט די מינוטן און סעקונדעס פון שפּאַציר, דער, וואָס קוקט זיך אײַן אין די פאַרגליווערטע פּנעמער פון די טורעמשטשיקעס, דער ווייס, אַז יענע טורמע־נאַכט איז געווען ניט אומזיסט.

## מ. גאָלבשטיין

* *
*

קינדהייט. א שליאך. בא דעם שליאך שטייען קליאָנען,
זיי טוליען צום פּלויט זיך פון הייפל.
אף זייערע שפּיצן—א האַלבע לעווּאָנע —
א שטיק פון מײַן קינדערשן רייפל.

כ'געדענק נאָך, ווען איך פלעג עס קײַקלען אף וועגן,
אין הייזעלעך ביז צו די קניִעס.
דערנאָכדעם צו גאָלדענע פעלדער אוועקגיין,
צו וועלדער, צו יונגע, וואָס בליִען.

כ'פלעג ליב האָבן לאַנג אין וואַלד, אין סאָסנאָווניק
צו לויפן דורך גראָזן א הוילער,
צום בלויען סטאַוואָק, וואָס פלעג רויט זײַן אין אָוונט,
ווי עמעצער וואָלט אים געקוילעט.

און שרײַענדיק זײַנען די פייגלען געפלויגן,
ווי זיי וואָלטן אַן אויצער געפינען.
און איבער סטאַוואָק זײַנען צווײַגן פארבויגן, —
אַזוי ווי א וואַסערפאַל גרינער.

אָט דאָרט, דוכט זיך, האָב איך מײַן רייפל פארלאָרן
אין איינעם אַן אָוונט א ראָזן.
איצט בליט אף די פעלדער דער זאַפטיקער קאָרן,
א מילכיקער טוי אף די גראָזן.

און איך גיי ארום איבער שטעגן און וועגן,
כ'גיי אום, ווי א ליכטיקער טרוימער.
און אַלץ איז מיר ליב דאָ, וואָס איך נאָך באַגעגן—
די פעלדער... דער שליאך און די ביימער...

נאָר כ׳עפֿנ די אויגנ. א ליכטיקער דרימל
צערינט אזוי קלאָר אפ די וויִעס.
איכ זיצ בא דעם טיש אינ מײַנ קליינינקנ צימער,
באמ פענצטער די קליאָנעט צעבליִענ.

דערוועקט זיכ אינ מיר א געפיל אזא קלאָרער
פאר אלצ, וואָס פארגאנגענ אפ אייביק.
ס׳האָט יעדערער ליב דאָכ זײַנ קינדהײַט די קלאָרע,—
כ׳האָב ליב דיכ, מײַנ קינדהײַט, ביז ווײטיק.

דערפאר אזוי אָפט איכ דערמאָנ יענע קליאָנעט,
וואָס טוליענ צ׳מ פלויט זיכ פונ הייפל,
אפ זייערע שפיצנ—א האלבע לעוואָנע —
א שטיק פונ מײַנ קינדערשנ רייפל.

# פאר פינפ יאָר.

מיט פינפ יאָר צוריק, דעמ 23־טנ אפרעל 1932 י., האָט דער צענטראל־קאָמיטעט פונ אונדזער פארטיי אָנגענומענ די היסטאָרישע באשטימונג פאר דער סאָוועטישער ליטעראטור אונ קונסט וועגנ ליקווידירנ די „אסאָציאציע פראָלעטארישע שרייַבער" (וואָפפ, ראפפ) אונ „פאראייניקנ אלע שרייַבער, וועלכע שטיצנ אונטער די פלאטפאָרמ פונ דער סאָוועטנמאכט אונ שטרעבנ צו באטייליקנ זיכ אינ דער סאָציאליסטישער בויונג, אינ אנ איינהייַטלעכנ פארבאנד סאָוועטישע שרייַבער מיט א קאָמוניסטישער פראקציע אינ אימ" (באשטימונג פונ 23־טנ אפרעל).

אָט די באשטימונג, וואָס איז ארויסגעטראָגנ געוואָרנ לויט דער איניציאטיוו פונ כאַווער סטאלינ, האָט אָפגעשפילט א קאָלאָסאלע ראָל אינ דער ווייַטערדיקער אנטוויקלונג פונ אלע געביטנ פונ דער סאָוועטישער קונסט. מיט באָלשעוויסטישער ווייַטזיכטיקייַט איז אינ איר אָנגעוויזנ אפ דער געפאר, וואָס עס האָט פאָרגעשטעלט מיט זיכ די ווייַטערדיקע עקזיסטענצ פונ ראפפ, וועלכער האָט זיכ פארוואנדלט אינ א טאָרמאָז פארנ ערנסטנ פאָליטישנ פארנעמ פונעמ קינסטלערישנ שאפנ. א קאסטיש־פארברעכערישע אייַנגעשלאָסנקייַט איז קולטיווירט געוואָרנ דורכ די ראפפישע ליטעראַרישע „וואָזשדנ" אינדערשפיצ מיטנ פארביסענעמ טראָצקיסט, דעמ אגענט פונ טראָצקינ אפנ ליטעראטור־געביט, ל. אווערבאכנ.

ווי עס ווייַזט זיכ איצט ארויס, האָט ל. אווערבאכ, בא דער אונטערשטיצונג פונ זייַנע ראפפישע מיטגייער—קירשאָנענ, אפינאָגענאָווג, ברונאָ יאסענסקינ א. אנד.—געשטרעבט צו שאפנ א „פאראלעלנ ליטעראַרישנ צענטער", קעדיי קעגנשטעלנ זיכ דער ליניע פונ דער פארטיי אינ דער ליטעראטור. דער סוינע פונ פאָלק אווערבאכ האָט זיכ באוווסטזיניק ארומגערינגלט מיט א גרופע דורכגעטריבענע פארעטער־טראָצקיסטנ, ווי מאקאריעוו, מאזנינ, קארעוו, סעליוואנאָווסקי, קאוואלענקאָ, סאָל־סקי א. אנד. אונ געפירט א סיסטעמאטישע שעדיקערייַ אונ צעלייגונג־ארבעט אפנ ליטעראטור־פראָנט, קעדיי ארונטערייַסנ די ווירקונג פונ דער פארטיי אפ די סאָוועטישע שרייַבער־קאדרענ.

ווענ מיר דערמאָנענ זיכ דעמ לאָזונג פונ דער ראפפישער „גענעראלער ליניע", אווערבאכס ציניִשע „אפרעל־טעזיסנ" אינ דער ליטעראטור; די וווּלגאריזאטאָרישע אידעאליסטישע טעאָריע וועגנ „לעבעדיקנ מענטשנ", וואָס האָט לויטנ ראפפ געדארפט ווערנ דער שעפערישער גרונט־מעטאָד פונ דעמ פראָלעטארישנ שרייַבער; דעמ גאנצנ נאפּאָסטאָווישנ כלאמ, וואָס איז געווענ א געמיש פונ טראָצקיסטישע, בוכארינישע אונ אנדערע קלאסנ־פרעמדע טעאָריעס אונ טעאָריעלעכ; דעמ אנטי־

פארטייִשנ לאָזונג „אַ פארבינדעטער אָדער א סוינע״, דעם אומפאראנטוואָרטלעכנ,
אינטריגאנטישנ קאמפ פונ אווערבאכנ און זײַנ קאָמפ. קעגנ אזעלכע שרײַבער, ווי
גאָרקי, סעראפימאָוויטש, מאיאקאָווסקי, ד. פורמאנאָוו, טיכאָנאָוו, אלעקסיי טאָלסטוי,
לעאָנאָוו, איוואנאָוו; דעם פרינציפלאָזנ אויפנ פונ ארויסרוקנ אייגענע שרײַבער־„קאָ־
ריפייענ״ און דערקלערנ אלס צענטראלע ווערק ביכער, וואָס פארדינענ עס ניט,
קעדיי אפ מאָרגנ ארונטערײַסנ די דאָזיקע „קאָריפייענ״ און „צענטראלע״ ווערק,
פאָכנ אפ זיי מיט דער ראפפישער „דובינקע״ און מאכנ זיי מיט דער בלאָטע גלײַכ,—
דאָס אלצ איז א קליינ צעטל פונ די פארברעכנס און קאָנטררעוואָליוציאָנערע טאטנ,
וואָס דער סוינע פונ פאָלק אווערבאכ און זײַנ קאָמפ. האָבנ פראקטיקירט אינ
ראפפ מיטנ ציל צו דעזאָריענטירנ די שרײַבער און שעדיקנ אפנ אידעאָלאָגישנ
פראָנט.

די פארטיי האָט באַצײַטנס ליקווידירט די דאָזיקע טראָצקיסטישע אפיטראָפסעס,
פאָרויסזעענדיק צו וואָס עס קענ ברענגענ זייער באלעבאטעווענ אינ דער ליטערא־
טור. די קעסיידערדיקע זאָרג פונ דער פארטיי און סאָוועטנמאכט וועגנ דער ליטע־
ראטור און קונסט, דאָס אוועקשטעלנ אינדערשפיצ פונ דעם שרײַבער־פארבאנד דעם
גרעסטנ פראָלעטארישנ שרײַבער אלעקסיי מאקסימאָוויטש גאָרקי, דאָס טאָגטעגלעכע
אַנפירנ פונעם צענטראל־אָרגאנ פונ דער פארטיי—דער „פראוודא״ מיט דער ליטע־
ראטור, האָט געשאפנ די נייטיקע שעפערישע אטמאָספער און באדינגונגענ פארנ
וווּקס און פאנאנדערבלי פונ דער פילנאציאָנאלער ליטעראטור בא אונדז אינ לאנד,
פאר דער אנטוויקלונג פונ נײַע טאלאנטנ, וועלכע קומענ פונ די פאָלקס־מאסנ, פונ
פאבריק, זאוואָד, קאָלווירט. עס זײַנענ שוינ געשאפנ געוואָרנ אויסגעצייכנטע ווערק,
וואָס באריײַכערנ די ליטעראטור און ציִענ צו צו זיי די אופמערקזאמקײַט פונ די
ערנסטע געברויכער פונעם ליטערארישנ שאפנ אינ דער גאנצער וועלט. עס זײַנענ
שוינ געוואָרנ אלגעמיינ באוווּסט און באליבט בא מיליאָנענ לייענער שאָלאָכאָווס
„טיכי דאָנ״ און „פאָדניאטאיא צעלינא״, פאדייעווס „פאָסלעדני איז אודעגע״, נאָווי־
קאָוו־פריבאָיס „צוסימא״, ניקאָלײַ אָסטראָווסקיס ראָמאנענ, דער נײַער ראָמאנ פונ
פאוולענקאָ „נא וואָסטאָקע״, אלעקסיי טאָלסטויס „פיאָטר I״, מאקארענקאָס „פעדא־
גאָגישע פאָעמע״, די ווערק פונ קאטאיעוו, אילפ און פעטראָוו, טיכאָנאָוו א. אנד.
עס זײַנענ באקאנט אינ גאנצנ פארבאנד פיל שרײַבער און ווערק פונ דער אוקראַי־
נישער, גרוזינישער, ווײַסרוסישער, ייִדישער און אנדערע נאציאָנאלע ליטעראטורנ.

אנ ענלעכער פראָצעס איז פאָרגעקומענ אויכ אינ דער ייִדישער סאָוועטישער
ליטעראטור. א לאנגע צײַט האָט בא אונדז אָרודעוועט אלס ראפפישער באפולמעכ־
טיקטער דער פאראכטער טראָצקיסט דונעצ, וועלכער האָט קולטיווירט שעדלעכע
גרופלערײַ און מישפאָכעדיקײַט, האָט פארפעסטעט די אטמאָספער פונ די שרײַבער
מיט טראָצקיסטישע אינטריגעס און העצערײַענ פונ איינעם קעגנ צווייטנ. די ייִד־
סעקציעס פונ מאפפ, ווופפ און בעלאפפ האָבנ זיכ געפלײַסט צו אריבערטראָגנ אינ
דער ייִדישער ליטעראטור און אינ די רייענ פונ די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער
דעם גאנצנ קלאפער־געצײַג פונעם ראפפישנ ארסענאל. עס איז גענוג דורכצובלע־
טערנ פאר יענער צײַט די זשורנאלנ „פראָליט״ און „שטערנ״, דעם „אָקטיאבער״,
קעדיי צו זענ, וויִאזוי די ראפפישע „גענעראלע ליניע״ מיט אלע אירע פאָליטיש־

שעדלעכע לאָזונגען איז יעדעס מאָל אײַליק „איבערגעזועצט“ געוואָרנ אינ דער
ייִדישער ליטעראטור.

נאָכ אינ דער רעזאָליוציע פונ דער בארעטונג באמ פרעסע־אָפטייל פונ צק
רקפ(ב) אינ 1924 י. איז אָנגעוויזנ געוואָרנ: „די מעטאָדנ פונ קאמפ קעגנ די „מיט־
לויפער“, וואָס ווערנ פראקטיקירט דורכ די זשורנאלנ „נא פאָסטו“, שטויסנ אָפ פונ
דער פארטיי אונ סאָוועטנמאכט טאלאנטירטע שרײַבער, מאכנ גלײַכצײַטיק שווער
דעמ ווירקלעכנ וווּקס פונ די פראָלעטארישע שרײַבער, פארבײַטנדיק די ערנסטע
קינסטלערישע אונ פאָליטישע ארבעט זייערע איבער זיכ—מיט א שמײַסנדיקער קרי־
טיק איבער די „מיטלויפער“. צי האָבנ די דאָזיקע נאפאָסטאָווישע „קאמפ־מעטאָדנ“
קעגנ די, אזוי גערופענע, „מיטלויפער“ ניט געהאט קײנ אָרט אינ דער ייִדישער
סאָוועטישער ליטעראטור? אויסנוצנדיק אייניקע נאציאָנאליסטישע מאָמענטנ אינ
האלקינס „ווײ אונ מוט“, האָט דער טראָצקיסטישער אָבער־פראָקוראָר דונעצ אימ
דערקלערט פאר א קלאסנ־סוינע; דונעצ האָט אויכ גערוידעפט פינקעלנ; דער טראָצ־
קיסט אונ נאציאָנאליסט לעוויטאנ האָט געוואָלט צונישטמאכנ פינינבערגנ; פונ צײַט
צו צײַט האָט מענ געפאָכעט מיט דער ראפפישער „דובינקע“ איבער קוויטקאָנ,
אקסעלראָדנ, מארקישנ, קולבאקנ, פארבײַטנדיק דעמ קאמפ קעגנ די באזונדערע
דורכפֿאַלנ אינ זייער שאפנ מיט א פארניכטנדיקנ אגלאָבליע־קאמפ. דאָס שאפנ
פונ די סאָוועטישע שרײַבער, באזונדערס נאָכ דער באשטימונג פונ 23־טנ
אפרעל, ווײַזט זייער שעפערישע מאָביליזאציע ארומ די אופגאבנ פונ דער
סאָציאליסטישער בויונג.

די גרופלערישע אײַנגעשלאָסנקײַט פונ דער ראפפישער פראקטיק האָט בא
אונדז, ווי באוווּסט, אָנגענומענ די פאָרמ פונ גרופלערישער אײַנטיילונג אפ רעפוב־
ליקנ (מאָסקווע, מינסק, קיִעוו), וואָס האָבנ געפירט צווישנ זיכ א שטרײַט. דער
פרינציפיעלער פאָליטישער קאמפ איז פארביטנ געוואָרנ אפ פרינציפלאָזער פלאפ־
לערײַ, אפ פראזועלאָגישע לינקאטשישע קוויטשנ. אזוי איז געווענ דער פאל מיט
דער דיסקוסיע ארומ דעמ כ' ליטוואקאָוס פעלערנ אינ זײַנ קריטישער
ארבעט.

דער קלאסנ־סוינע דונעצ האָט אויכ דאָ באנוצט אנ עקלהאפטע דעמאגאָגיע אונ
גרופלערײַ. אינ זײַנ „קאמפ“ קעגנ דער קלוימערשטער „ליטוואקאָווטשינע“ האָט
ער געוואָלט אויסבאהאלטנ זײַנ אייגענעמ נאציאָנאליסטישנ אונ טראָצקיסטישנ פאר־
צעפ. ס'איז איבעריק צו איבערעכענענ דונעצס פילפאכיקע קאריעריסטישע ספעקו־
ליאציע אפנ קלוימערשטנ קאמפ זײַנעמ פאר דער פראָלעטארישער ליטעראטור. ער
האָט זײַנ פאטשקערײַ צעשמירט אפ די זײַטנ פונ „אָקטיאבער“, „שטערנ“ אונ „לימ“,
ער האָט דערנאָכ פונ דעמ ארויסגעגעבנ „ביכער“ אפ „ביכער“. מיט דער הילפ פר־
נעמ דעמאסקירטנ איצט סוינע פונ פאָלק עריק האָט דונעצ ארויסגעגעבנ זײַנע
בעלאפפיש־ראפפישע אמעראצעדיקע „ארבעטנ“ אינ דער וויסנשאפטלעכער סעריע
פונ דער ווײַסרוסישער אקאדעמיע. דער זעלבער דונעצ, וועלכער האָט מיט דער
פלינקײַט פונ א טראָצקיסטישנ פראזועלאָג אריבערגעטראָגנ אינ דער ייִדישער לי־
טעראטור די ראפפישע לאָזונגענ, דעמ גאנצנ געמיש פונ טראָצקיסטישע, רעכטע,
פערעווערזיאנישע, דעבאָרינ־יש־מעכאניציסטישע „טעאָריעס“,—האָט גלײַכ נאָכ דער

באשטימונג פונ 23־טנ אפּרעל שנעל איבערגעפּארבט זײַנ פּאסאד אונ גענומענ שעדיקנ אפּ א נײַעמ אויפנ.

דער שעפערישער שטראָמ פונ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור האָט אָבער ניט געקענט אָפּגעשטעלט ווערנ דורכ די פארברעכערישע אָנשטרענגונגענ פונ די ראפּפּיש־טראָצקיסטישע אפּיטראָפּסימ. פאר די פינפ יאָר, וואָס זײַנעג אריבער נאָכ דער באשטימונג פונ 23־טנ אפּרעל, איז די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור שטארק אויסגעוואָקסנ. די באשטימונג האָט ארויסגערופנ א שעפערישנ אופשטײַג אינ דער סוויווע פונ די ייִדישע שרײַבער, עס זײַנעג געשאַפנ געוואָרנ נײַע ווערק, וואָס גייענ ארײַנ אינעמ גרונט־פאָנד פונ דער פילנאציאָנאלער סאָוועטישער ליטעראטור. די גרויסע זיגנ פונ דער פארטיי אונ דער סאָוועטנמאכט אינ אויספילנ דעמ ערשטנ אונ צווייטנ פינפיאָר ווערט אפּ אנ אייגנארטיקנ אויפנ אָפּגעשפּיגלט אינ א רײ ווערק פונ דער ייִדישער סאָוועטישער פּראָזע אונ פּאָעזיע. עס זײַנענ אופגעהויבנ געוואָרנ נײַע טעמאטישע פלאסטנ פונ דער סאָציִאליסטישער ווירקלעכקײַט, אינ די ווערק איז דערגרייכט א הויכע שטופע פונ אידייִשקײַט אונ פּאָליטיקײַט אנגעזעטיקטקײַט. פאר דער צײַט זײַנענ בא אונדז צוגעקומענ יונגע טאלאנטשער אָנגעזעטיקטקײַט.

פולע שרײַבער, עס איז דערגרייכט געוואָרנ אפנ גרונט פונ דער באשטימונג א פעסטע קאָנסאָלידאציע פונ די שרײַבערשע קאדרענ—די פארטייִשע אונ ניט־פארטייִשע—ארומ די אופגאבנ פונ דער סאָציִאליסטישער בויונג.

נאָכ דער היסטאָרישער באשטימונג פונ צק האָט זיכ שטארק אופגעהויבנ די אקטיווקײַט אונ שעפערישקײַט פונ די גרונט־קאדרענ ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער אינ ווײַסרוסלאנד. דער סאָוועטישער שרײַבער מ. קולבאק איז פאר די דאָזיקע פינפ יאָר שטארק געווענ אקטיוו אינ די געביטנ פונ פּראָזע, פּאָעזיע אונ דראמאטורגיע. צוליב דער שעדלעכער ראפּפּיש־בעלאפּפּישער פּאָליטיק האָבנ די פּאָעטנ ז. אקסעלראָד, מ. טייפ, ה. קאמענעצקי, ארבעטנדיק פיל יאָרנ אינ דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג, ערשט נאָכ דער באשטימונג פונ צק באקומענ א מעגלעכקײַט צו ארויסגעבנ זייערע לידער־זאמלונגענ, עס האָבנ ארויסגעגעבנ זייערע לידער אונ פּאָעמעס די דיכטער מ. ליפשיצ אונ א. פלאטנער. אי. כאריק האָט פאר דער דאָזיקער צײַט אָנגעשריבנ אייניקע פּאָעמעס. אייניקע פּראָזע־ביכער האָט פארעפנטלעכט צ. דאָלגאָפּאָלסקי. באזונדערע ביכער האָבנ ארויסגעגעבנ די יונגע פּראָזאיִקער עליע קאהאנ, קאצאָוויטש אונ מאָטע דעכטיאר. עס זײַנענ ארײַנגעטראָטנ אינ דער דיכטונג מיט זייערע ערשטע שאפונגענ די יונגע דיכטער טאלאלײַ, מאלטינסקי, רייזינ, שוועדיק, גרוביאנ, בוימוואָל, סאָרע קאהאנ, טעלעסינ, רעלעס.

פאר די יאָרנ זינט דער באשטימונג איז די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור באַרײַכערט געוואָרנ מיט א רײ ווערק פונ ד. בערגעלסאָנ. עס זײַנענ צוגעקומענ ביכער אפּ דער קאָלווירטישער טעמאטיק פונ די שרײַבער נאָטע לוריע, עליע גאָרדאָנ אונ עליע שעכטמאנ. עס האָבנ פארעפנטלעכט א רײ פּראָזאיִשע ווערק די שרײַבער ש. גאָדינער, דער ניסטער, י. ראבינ, דאניִעל, ליפּמאנ־לעווינ, מ. ווינער, ה. אָרלאנד, נויעכ לוריע, י. יאָפּע.

אינ געביט פונ דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג זײַנענ פאר די פינפ יאָר דערשינענ א רײ נײַע ביכער פונ די פּאָעטנ פ. מארקיש, אי. פעפער, ל. קוויטקאָ,

ד. האָפשטיין, ש. האלקין, ע. פינינבערג, ש. ראָסין, מ. כאשטשעוואצקי, ב. אָלעווסקי,. כאנע לעווינע, מ. הארצמאן.

א רײ דיכטער, ווי קולבאק, מארקיש, קושניראָוו, רעזניק האָבן גלײַכצײַטיק געארבעט אפן געביט פון דראמאטורגיע. עס האָט אָנגעשריבן אײניקע פיעסן דער שרײַבער דאניעל.

עס דארף אָפגעמערקט ווערן, וואָס די יידישע סאָוועטישע שרײַבער ציט צו שטארק די טעמע בירעבידזשאן. צו דעם געלונגענעם אָנהײב, וואָס עס האָט אמאָל געמאכט אלבערטאָן, זײַנען איצט צוגעקומען בערגעלסאָנס „בירעבידזשאנער“, גאָדינערס „בירעבידזשאנצעס“, גאָלדשטיינס דערציילונגען, פעפערס און אָלעווסקעס בירעבידזשאנער לידער, א רײ שאפונגען פון די יונגע בירעבידזשאנער דיכטער, וועלכע דרוקן זיך אינעם נײַ־צוגעקומענעם בא אונדז אינטערעסאנטן זשורנאל „פאָרפאָסט“.

צום באדויערן, האָט אונדזער יידישע סאָוועטישע קריטיק זייער ווייניק רעאגירט אף די אלע דערשינענע ווערק, ניט באהאנדלט זײערע פאָזיטיווע זײַטן און באגלײַכ מיט דעם ניט אופגעדעקט די דעפעקטן, אידעאָלאָגישע און קינסטלערישע דורכפאַלן, וואָס זײַנען פאראן אין אײניקע פון די דאָזיקע ווערק.

עס וואָלט געווען א פעלער צו בארויִקן זיך אף די אָנסאָפעקדיקע דערפאָלגן אין אונדזער ליטעראטור. אין שײַן פון די לעצטע געשעענישן אין אונדזער פאָליטישן לעבן ווערן אזוי בולעט די פעלערן אין אונדזער ארבעט, אז מיר טאָרן זיך ניט פארוויגן מיט לויב־געזאנגן פאר אונדזערע דערגרייכונגען. דער גרונט־דעפעקט אין אונדזער ארבעט איז די אָפגעטעמפטע קלאסן־וואכזאמקײַט, וואָס האָט געהערשט אין אונדזערע רייען און וואָס האָט געגעבן די מעגלעכקײַט די טראָצקיסטישע און בוכארינישע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערן צו אויסנוצן דעם אידעאָלאָגישן קינסטלערישן פראָנט אלס ארענע פאר זייער שעדיקערישער דיווערסיאָנעלער ארבעט. די איצט אופגעדעקטע סאָנים פון פאָלק די טראָצקיסטן און נאציאָנאליסטן דונעץ, עריק, זיסקינד לעוו, לעוויטאן, ליבערבעריג זײַנען דאָך א לאנגע צײַט געווען אין אונדזערע רייען און זײַנען ניט דעמאסקירט געווען.

די אידיאָטישע קרענק פון זאָרגלאָזיקײַט האָט אין אונדזער שרײַבערישער אָרגאניזאציע געשאפן א דושנע אטמאָספער פון מישפאָכעדיקײַט און באלעבעסלדיקהיימישער זעלבסטבארויִקונג, וואָס האָט ניט דערלאָזן עס זאָל ארײַנדרינגען די אָפפרישנדיקע געזונטע לופט פון קריטיק און זעלבסטקריטיק.

עס דארפן איצט אופגעהויבן ווערן די פראגן, וואָס זײַנען ביז איצט געלאָזט געוואָרן אין שאָטן, אָדער זײַנען געווען אין מאָנאָפאָל פון די קלאסן־פײַנטלעכע עלעמענטן. מיר דארפן געבן די דאָזיקע פראגן א ריכטיקע מארקסיסטיש־לענינישע לייזונג.

אזוי, אשטייגער, האָבן מיר דערלויבט, אז מיט דער פראגע פון יערושע, מיט דער אָפהאנדלונג פון אונדזער עלטערער און קלאסישער ליטעראטור זאָל זיך פארנעמען און ארײַנעמען אין זײַן מאָנאָפאָל עריק. ער האָט ניט ווייניק געשעדיקט אף דעם פראָנט.

מיר האָבן ניט לאנג געהאט א נאציאָנאליסטישע ארויסטרעטונג פון דעם לעקטאָר

פאלקאָוויטש אינ דער מינסקער פעדאגאָגישער הויכשול, וועלכער האָט געפריידיקט פאר די סטודענטנ א נאציאָנאליסטישנ „נייַעמ קורס" אינ דעמ צוגאנג צו קולטור־ירושע. מיר דארפנ די פראגע פונ ירושע אופקלערנ אינ גייַסט פונ לענינס אונ סטאלינס אָנווייַזונגענ אינ דער פראגע פונ קולטור־ירושע, אינ גייַסט פונ די באמערקונגענ פונ די כאווערימ סטאלינ, זשדאנאָוו אונ קיראָוו צו די קאָנספעקטנ פונ געשיכטע־לערנביכער.

בא אלע אירע דערגרייכונגענ האָט די יידישע סאָוועטישע ליטעראטור נאָכ ניט אופגעהויבנ די גרונט־פראָבלעמעס פונ אונדזער צייַט, ניט געוויזנ די געשטאלט פונ דעמ הויפט־העלד פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג—דעמ סטאכאנאָוועצ, דעמ סטאלינ־פארהארטעוועטנ באָלשעוויק, וואָס געפינט זיכ אינ אוואנגארד פונ די קאמפנ אפ אלע פראָנטנ. אונדזער ליטעראטור האָט נאָכ אויכ ניט אָפגעשפיגלט אינ דער גאנצער ברייט די וויכטיקסטע פראָצעסנ, וואָס זייַנענ פאָרגעקומענ, א דאנק דער לענינ־סטאלינישער נאציאָנאלער פאָליטיק, אינעמ לעבנ פונ יידישנ פאָלק.

אונדזער ליטעראטור דארפ אופדעקנ דעמ גאנצנ העסלעכנ פארצעפ פונ די טראָצקיסטיש־בוכארינישע באנדיטנ, שטארקער שלאָגנ איבערנ נאציאָנאליזמ פונ אלע קאָלירנ.

מיר דארפנ באָלשעוויסטיש פאנאנדערקריטיקירנ אונ באקעמפנ די פעלערנ אינ אונדזער ארבעט, דורכקוקנ די קינסטלערישע פראָדוקציע פונ דער יידישער ליטעראטור אינ שייַנ פונ די אויסגעוואקסענע פאָליטישע פאָדערונגענ צו איר. עס איז נייטיק אנטוויקלענ א ברייטע שעפערישע ארבעט אפ באגעגענענ די אלוועלטלעכ־היסטאָרישע דאטע פונ צוואנציק יאָר אָקטיאבער מיט הויכ־קוואליטאטיווע קינסטלערישע ווערק.

דער ניט לאנג פאָרגעקומענער פלענומ פונ צק אלקפ(ב), דער פאָרטראג אונ שלוס־וואָרט פונ כאווער סטאלינ, דער פאָרטראג פונ כ' מאָלאָטאָוו האָבנ מאָביליזירט די פאָליטישע וואכזאמקייַט פונ די פארטייִשע אונ סאָוועטישע אָרגאניזאציעס, האָבנ געהאָלפנ פאנאנדערוויקלענ די קריטיק אונ זעלבסטקריטיק אפ יעטווידער געביט פונ פארטייִשער אונ סאָוועטישער ארבעט. אויכ אינ די שרייַבער־אָרגאניזאציעס האָט זיכ אָנגעהויבנ א מער געזונטע באוועגונג פאר א פארטיפטער זעלבסטקריטישער, וואכזאמער ארבעט. מיר דארפנ אויכ אינ דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור, אינ די רייענ פונ די יידישע סאָוועטישע שרייַבער מאכנ די ווייַטגייענדיקסטע אויספירנ פונ די לעקציעס, וואָס מיר האָבנ באקומענ פונ די געשעענישנ אינ פאָליטישנ לעבנ פונ לאנד אונ זייער אָפשפיגלונג אינ דער סוויווע פונ דער ליטעראטור. מיר דארפנ ארבעטנ בעסער ווי ביז איצט, זייַנ קלאסנ־וואכזאמ, קענענ באצייַטנס אופדעקנ דעמ פארבאהאלטענעמ סוינע פונ פאָלק אונטער וואָס פארא מאסקע ער זאָל זיכ ניט פארבאהאלטנ, שאפנ אנ אטמאָספער פונ ארבעט אונ זענ, אז יעטווידער סאָוועטישער שרייַבער זאָל זייַנ קינסטלערישע ענערגיע אונ טאלאנט אָנווענדנ אפ באגעגענענ דעמ 20־טנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע מיט גרויסע סאָציאַליסטישע ווערק, וועלכע עס פאָדערט פונ אונדז די גרויסע סטאלינישע עפּאָכע.

---

## מ. גיטליץ

# צו דער פראגע וועגנ די אנטוויקלונגס-וועגנ פונ יידיש [1]

(געשיכטלעכע באָבאכטונגענ)

די געשיכטע פונ יידיש איז נאָכ זייער ווייניק געפאָרשט געוואָרנ. עס זײַנענ קימאַט ניטאָ קיינ ערנסטע ארבעטנ איבער דער געשיכטע פונ יידיש, וואָס זאָלנ זיכ באַזירנ אָפ קאָנקרעטע מאַטעריאַלנ. דערפאַר אָבער זײַנענ פאַראַנ אָנ א שיר סבֿעמעס, כקירעס אונ סוואָרעס וועגנ כאַראַקטער, אופקום אונ אנטוויקלונג פונ יידיש.

אלע סבֿעמעס, כקירעס אונ סוואָרעס שטאַמענ אָבער פונ איינ קוועלע—פונ איינ נאַציאָנאַליסטישער קאָנצעפּציע, וואָס מע קענ אָנרופנ „טעאָריע וועגנ איזאָלירטע עלעמענטנ".

דער טאָכ פונ דער דאָזיקער פאַלשער אונ שעדלעכער טעאָריע באַשטייט אינ דעמ, וואָס יידיש ווערט באַטראַכט ניט ווי א היסטאָרישע איינהײַט, נאָר ווי א מע־כאַנישע פאַרייניקונג פונ באַזונדערע עלעמענטנ (גערמאַנישער, סלאַווישער אונ סע־מיטישער) אונ דערצו—פונ עלעמענטנ ניט קיינ גלײַכווערטיקע, ניט פונ גלײַכנ „ייכעס", ווו יעדער עלעמענט האָט קלוימערשט געהאַט (אונ האָט) זײַנ ספּעציעלע „מיסיע" אינ דער שפּראַכ.

די דאָזיקע טעאָריע איז שוינ זייער אַלט. אָבער באַזונדערס איז זי געקומענ צומ אויסדרוק אינ 20־טנ י. ה.

נ. סירקינ כאַראַקטעריזירט אַזוי די יידישע שפּראַכ:

„דער זשאַרגאָנ—זאָגט ער—האָט א דאָפּלטנ כאַראַקטער, ער איז טײַער אונ וואָ־כעדיק, ער איז יידיש אונ פרעמד, ער איז נאָענט דעמ יידנ אונ ווערט פאַראַכ־טעט... די צוזאַמענזעצונג פונ דעמ זשאַרגאָנ, זײַנ נאַציאָ אַלער העברייִשער יעסאָד אונ די פרעמדע שפּראַכנ, פונ וועלכע ער באַשטייט, האָבנ גוירעמ געווענ זײַנ דאָפּלטנ כאַראַקטער—דורכ אירע העברייִשע ווערטער איז די דאָזיקע שפּראַכ גע־וואָרנ יידיש אונ דורכ דעמ פרעמדנ דײַטשישנ סקעלעט פונ דער שפּראַכ, ווי אויכ דורכ דער לײַכטקײַט, מיט וועלכער אנדערע שפּראַכנ גייענ אַרײַנ אינ איר אונ פאַר־ענדערנ זי, איז די שפּראַכ געוואָרנ א זשאַרגאָנ" [2]).

---

[1]) אינ אָרדענונג פונ באַהאַנדלענ.

[2]) „זשאַרגאָנ", „יוד" קראָקע". 1910. נומ. 36.

אן ענלעכע כקירע הערן מיר פונעם העברייִסט סאוויאָוו.

„ניט נאָר סלאווישע ווערטער, נאָר אויך דעם סלאווישן גייַסט האָבן די ייִדן אריינגעבראכט אין זייער דייַטשישער שפראך... וואָס גייט זיי עס אָן, אויב ס'איז ניט לויטן גייַסט פון דער דייַטשישער שפראך?.. דאָס איז דאָך ניט זייער שפראך, נאָר א פרעמדע... באם קומען אין די סלאווישע לענדער זייַנען זיי זיך באגאנגען מיט דער דייַטשישער שפראך ניט ווי א מענטש, וואָס באגייט זיך מיט אייגנס (באטראכט אונ פאַרויכטיק), נאָר ווי א מענטש, וואָס באַלעבאטעוועט מיט פרעמדס... עמעס, פאר דעם וואָלט איך צו זיי קיין טייַנעס ניט האָבן, אָבער פאריבל האָב איך אפ זיי, וואָס אויך מיט די העברייִשע ווערטער, וואָס זיי באנוצן אין זייער שפראך, באגייען זיי זיך ניט שטענדיק אָפגעהיט, ווי עס באדארפ צו זייַן" [1]).

די זעלבע געדאנקען הערן מיר אויך פונעם גרונט-לייגער פון דער ייִדישיסטישער פילאָלאָגיע פון ב. באָראָכאָוו.

„די אידייען אונ באַציִונגען—זאָגט ער—פונעם אלמענטשלעכן לעבן זייַנען אויסגעדריקט אין דייַטש. די דערשייַנונגען, וואָס זייַנען אויסגעוואָקסן אפן באָדן פונעם אינעווייניקסטן ייִדישן לעבן, ווערן אויסגעדריקט אלפיראָוו אין העברייִש. אונ די פאָרמען אונ געפילן פונעם אלטעגלעכן לעבן אין ענגן פאמיליען-קרייַז, אָדער גראָבע נעגאטיווע אייגנשאפטן,—אין סלאוויש" [2]).

דאָס זעלבע כאזערט איבער דער הייַנטיקער „פירער" פון דער ייִדישיסטישער פילאָלאָגיע ד"ר מ. ווייַנריך.

„דאָס, וואָס עס האָט—זאָגט ער—אין מעשעך פון הונדערטער יאָרן געהייסן ייִדישקייַט, איז געווען קאָנצענטרירט אינעם העברייִשן עלעמענט".

אונ ווייַטער:

„אָן דעם סלאווישן עלעמענט וואָלט ייִדיש געהאט אן אנדער פאָנעם, אָן די העברייִש-אראמייִשע עלעמענטן וואָלט די ייִדישע שפראך ניט געווען" [3]).

אונ דער צווייטער ייִדישיסטישער פילאָלאָג קאלמאנאָוויטש שרייַט אויס פאטעטיש:

„הויראָסאָ וועלוידאָסאָ ביקדושאָ" [4]) ד. ה. דער טראָגן אונ דער געבורט פון ייִדיש איז געווען אין הייליקייַט—דורך דעם העברייִשן עלעמענט.

די דאָזיקע טעאָריע וועגן די איזאָלירטע „ייִכעסדיקע" עלעמענטן איז געלייגט געוואָרן אין גרונט פון די נאציִאָנאליסטישע טעאָריעס אויך וועגן אופקום פון ייִדיש. מע האָט זיך געאמפערט (אונ מע אמפערט זיך), וואָסער עלעמענט (גערמאנישער, סעמיטישער, סלאווישער) איז געווען דער ערשטער אין ייִדיש. פונקט ווי דער ביניען פון ייִדיש האָט זיך געבויט אזוי, אז פריִער זייַנען צוגעגרייט געוואָרן די באזונדערע עלעמענטן אונ דערנאָך איז פון זיי צונויפגעשטעלט געוואָרן די שפראך.

---

[1]) „היסודות הסלאביים בזרגון"—„האשילויאך", 1914.

[2]) די אופגאבן פון דער ייִדישער פילאָלאָגיע—אין „פנקס". ווילנע, 1913.

[3]) „צוקונפט", ניו-יאָרק, 1931.

[4]) „פערספעקטיוון פאר ייִדיש אין ראטנפארבאנד" אין „ליטעראַרישע בלעטער". ווארשע, 1931, נום. 6.

אָט דיראָזיקע נאַציאָנאַליסטישע קאָנצעפּציע איז א לאַנגע צײַט אויך אָנגעווענ־דעט געווען דורך א טייל יידיש־פאָרשער אינעם ראטנפארבאנד.

אָנשטאָט צו פאָרשן די שפּראַך אין איר איינהייט, אין איר היסטאָרישער אנט־וויקלונג, אָנשטאָט אופצודעקן די קאָנקרעט־היסטאָרישע אומשטענדן פון פארשיידענע אנטוויקלונגס־עטאפּן פון דער שפּראַך, האָט מען זיך פארנומען מיט דער „איזאָליר־טער" ראָליע פון די באזונדערע עלעמענטן און מיטן „ייכעס" פון די פארשיידענע עלעמענטן.

איז א טייל שפּראַך־פאָרשער און שפּראַך־בוכער שארף ארויסגעטראָטן (באזונ־דערס אין די פריערדיקע יאָרן) קעגן די נײַע „אנטלייוּנגען" פון רוסיש, אוקראַיניש, ווײַסרוסיש, וואָס זײַנען באדינגט געווען פון דער געמיינזאמער אינטערנאציאָנאַלער בויונג פון סאָציאַליזם. אלץ, וואָס איז געגאנגען פון די דאָזיקע שפּראַכן, איז פארעכנט געוואָרן פאַר „פרעמדס" (שטיפ און אנד.). מע האָט באקעמפט ניט נאָר סאָוועטיזמען אין דער רוסישער, אוקראַינישער, ווײַסרוסישער פאָרם, נאָר סאָוועטיזמען אין דער נאַציאָנאַלער פאָרם.

האָבן אנדערע (און אויך שטיפ שפּעטער) דערקלערט א פארביטערטן קאמף די סעמיטיזמען אין יידיש ביכלאַל, נאָר צוליב זייער אָפּשטאַם, און זיך באמיט מיט אלע קויכעס אָפּצולייקענען שטיין און ביין א וואָסערע ניט איז אָרגאנישע ווירקונג פון די סעמיטישע שפּראַכן אפ יידיש אין געוויסע פעריאָדן. דערפאר האָט מען די סלאַוויזמען דערקלערט אנגראָ פאַר „אויסדערוויילטע", אז שיר ניט אלץ, וואָס ס'איז רעוואָליוציאָנער—האָט מען געהאלטן—האָט זיך קאָנצענטרירט אינעם סלאַווישן עלעמענט.

האָבן אנדערע (ווי קאמענשטיין צ. ב.) געפירט א קאמף קעגן אײַנגע־וואָרצלטע יידישע פאָרמעס פאַר זייער דײַטשישער אָפּשטאַמונג, דערפאַר, ווײַל... אין דײַטשלאַנד הערשט איצט דער פאשיזם.

אין גרונט פון די אלע אָפּנויגן און פארקריפּלונגען איז געלייגט געוואָרן פאַק־טיש די טעאָריע פון איזאָלירטע „ייכעסדיקע" עלעמענטן, וואָס איז אריבערגענומען געוואָרן פון נאַציאָנאַליסטישן (יידישיסטישן און ניט יידישיסטישן) ארסענאַל, אָן קיינשום קריטיק.

מיט קאָנקרעטער געשיכטע־פאָרשונג פון יידיש האָט מען זיך בא אונדז קימאַט ניט פארנומען.

צווישן די אלע שפּראַך־פּראָבלעמען, וואָס שטייען הײַנט אפן טאָג־אָרדענונג וועגן דער ווײַטערדיקער בויונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער שפּראַך אין צוזאַ־מענהאַנג מיט דער עקזיסטענץ פון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט, מוז די גע־שיכטע־פאָרשונג פון יידיש פארנעמען א געהעריקן אָרט.

ס'איז ניט גענוג צו אנערקענען די געמאכטע פעלערן און זיך אָפּזאָגן פון זיי, נאָר ס'איז אומבאדינגט נייטיק אפ קאָנקרעטע געשיכטלעכע מאטעריאַלן צו דערווײַזן די פאלשקײַט פון די געמאכטע פארקריפּלונגען און העלפן אויסמײַדן זיי אין דער צוקונפט.

אין דעם דאָזיקן ארטיקל ווערן געבראַכט אייניקע באאָבאכטונגען איבער פאקטן פון יידיש־געשיכטע, וואָס אילוסטרירן בוילעט די באָדנלאָזיקײַט פון דער טעאָריע וועגן „איזאָלירטע עלעמענטן".

* * *

קיינ שפראכ אנטוויקלט זיכ ניט איזאָלירטערהייט. קעגנזײַטיקע ווירקונגענ צווישנ שפראכנ זײַנענ א געזעצמעסיקע דערשײַנונג, וואָס איז באדינגט פונ ווירטשאפטלעכנ אונ גײַסטיקנ פארקער צווישנ פעלקער. דאָס האָט טאקע געפונענ דעמ בולטסטנ אויסדרוק אינ די אינטערנאציאָנאליזמענ, וואָס פארנעמענ שוינ א קאָלאָסאלנ אָרט אינ די שפראכנ פונ דער וועלט. „באמ אנטוויקלטנ קאפיטאליזמ—שרײַבט פראָפ. זשירמונסקי—קעמפנ אויס די אינטערנאציאָנאלע עלעמענטנ אינ וואָרט־שאצ פונ באזונדערע נאציאָנאלע שפראכנ שיר ניט א הערשנדיקע לאגע. אלע זײַטנ פונעמ קולטור־לעבנ— וויסנשאפט אונ טעכניק, פּאָליטיק אונ קונסט—ווערנ באדינט דורכ דער אינטערנאציאָנאלער לעקסיק... די ווערטער־ביכער פונ אויסלענדישע ווערטער, אײַנגעשלאָסנ די ספעציעלע טערמינאָלאָגיע פונ באזונדערע וויסנשאפטנ, ציילנ אָנ ביז 80—100 טויזנט אינטערנאציאָנאלע ווערטער. אינעמ פארהעלטנסמעסיק ניט פולנ ווערטערבוכ פונ אויסלענדישע ווערטער, וואָס זײַנענ ארײַנ אינ דער רוסישער שפראכ Издательство Советская Энциклопедия זײַנענ פאראנ 25 טויזנט ווערטער"[1].

דערצו מוז מענ צוגעבנ, אז יעדע שפראכ זאפט אײַנ אינ זיכ ווערטער אונ פאָרמעס פונ די שכײנעסדיקע שפראכנ, וואָס ווערנ אינ פאָנד פונ אינטערנאציאָנאליזמענ ניט פארעכנט.

„אנטלײַונג" איז דאָכ אָבער אויכ א היסטאָרישע קאטעגאָריע. ניט אפ אלע סטאדיעס פונ שפראכ־פראָצעס לאָזט זיכ אָנווענדנ דעמ באגריפ „אנטלײַונג". נעמענ מיר צ. ב. דעמ שוטפעסדיקנ מאסיוו, וואָס עס פארמאָגנ די אינדאָ־איראָפעיִשע שפראכנ (רוסיש, פראנצויזיש, דײַטש א. א. וו.), צי קענ מענ דאָ ריידנ וועגנ א דערשײַנונג פונ „אנטלײַונג", אז איינ שפראכ האָט עס גענומענ פונ א צווייטער? בעשום אויפנ ניט. די אלע אינדאָ־איראָפעיִשע שפראכנ, ווי די הײַנטיקע שפראכנ פונ גאָרער וועלט, זײַנענ אופגעקומענ אפ דער באזע פונ אסאכ אנדערע שפראכנ, טיפּאָלאָגיש, פונ אנ אנדער סטאדיע. דער עצעמ אופקומ פונ די הײַנטיקע אינדאָ־איראָפעיִשע שפראכנ כאראקטעריזירט זיכ מיטנ שוטפעסדיקנ מאסיוו. דאָס איז איינער פונ זייערע גרונט־שטריכנ, וואָס עס פאראייניקט די דאָזיקע שפראכנ אינ איינ שפראכ־סיסטעמ. אָנ דעמ שוטפעסדיקנ מאסיוו זײַנענ נאָכ קיינ אינדאָ־איראָפעיִשע שפראכנ ביכלאל ניט געווענ. עס זײַנענ געווענ אנדערע שפראכ־טיפּנ.

אָבער דער דאָזיקער פראָצעס (די אויסבילדונג פונ די אינדאָ־איראָפעיִשע שפראכנ) איז פאָרגעקומענ אינ דער ווײַטער היסטאָרישער פארגאנגענהײַט. די עלטסטע שריפטלעכע דענקמעלער פונ די דאָזיקע שפראכנ זײַנענ אנ אויסדרוק אינ גרונט פונ זייער הײַנטיקנ צושטאנד. דאָס האָט דעריבער געגעבנ די אינדאָ־איראָפעיִסטנ א גרונט צו פארעכענענ די אינדאָ־איראָפעיִשע שפראכנ (ווי אויכ אנדערע שפראכנ) פאר אייביקע, אז זיי זײַנענ פונ אלעמאָל אזוי געווענ. אונ נאָר אפנ גרונט פונ די רייד־שפראכנ (ניט־אינדאָ־איראָפעיִשע אונ אויכ אינדאָ־איראָפעיִשע) האָט זיכ אײַנגעגעבנ מארנ (דעמ גרונט־לייגער פונ דער נײַער שפראכ־לערע) אופצודעקנ די פריִערדיקע סטאדיעס פונ די הײַנטיקע שפראכנ.

[1] „Национальный язык и социальные диалекты", Ленинград, 1936 г., стр. 169.

יידיש, ווי דער גרונט־טיפּ פון הײַנטיקן צושטאנד, איז אָבער אופגעקומען אינ דער פאָרהעלטנסמעסיק נאָענטער היסטאָרישער פאַרגאנגענהײַט. איז שווער געווען צו באטראכטן די אופקום־דערשײַנונג פון יידיש מיט דער נייטיקער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו און מע האָט אָנגעווענדעט צו דעם די געוויינלעכע מאָס פון „אנטלײַזונג“, וואָס גילט בא די הײַנטיקע פון לאנג אָן אופגעקומענע שפּראכן.

איכ וויל מיט דעם בעשומויפן ניט זאָגן, אז דער אופקום־פּראָצעס פון יידיש איז אינגאנצן אנאלאָגיש צום אמאָליקן אופקום־פּראָצעס פון די אינדאָ־אייראָפּעיִשע אָדער אנדערע שפּראכן. יידיש איז אופגעקומען אין א גאנצ אנדער היסטאָרישער עפּאָכע, בא גאנצ אנדערע היסטאָרישע באדינגונגען. אָבער געוויסע גרונט־שטריכן, וואָס זײַנען כאראקטעריסטיש פארן אופקום־פּראָצעס פון א שפּראך, ווי א קאָנקרעטע אנטפּלעקונג פונעם אלגעמיינעם גלאָטאָגאָנישן (שפּראך־שעפּערישן) פּראָצעס, האָט אָן סאָפעק אויך פארמאָגט דער אופקום־פּראָצעס פון יידיש.

אין פארגלײַך מיט יידיש־טײַטש שטעלט יידיש מיט זיך ניט פאָר נאָר א געוויינלעכן עטאַפּ אין די ראמען פון דעם זעלביקן שפּראך־טיפּ.

אין פארגלײַך מיט יידיש־טײַטש איז יידיש א נײַער טיפּ, סײַ לויט דער לעקסיק, וואָרטבילדונג, פראזעאָלאָגיע, אידיאָמאטיק און סײַ טיילווײַז לויטן סינטאקסישן געבוי און מאָרפאָלאָגיע.

דער נײַער שפּראך־טיפּ יידיש איז ניט אופגעקומען דורך דעם, וואָס צו איינשיכט זײַנען צוגעקומען נײַע עלעמענטן פון אנדערע שפּראכן.

קאָלזמאן ס'איז נאָך ניט געווען קיין יידיש האָבן די פארשיידענע עלעמענטן (סעמיטישע, סלאווישע א.א.וו.) ניט געקענט זײַן קיין עלעמענטן פון יידיש, נאָר עלעמענטן, באשטאנד־טיילן פון אנדערע שפּראך־טיפּן. סעמיטישע עלעמענטן צ.ב. זײַנען אויך געווען אין יידיש־טײַטש, אָבער דער כאראקטער זייערער איז געווען גאָר אן אנדערער. עס האנדלט זיך ניט נאָר וועגן דער קוואנטיטעט (וואָס די צאָל סעמיטיזמען אין יידיש־טײַטש איז אין פארגלײַך מיט די סעמיטיזמען אין יידיש זייער קליין), נאָר אויך דעריקער וועגן דער קוואליטעט, וועגן כאראקטער פון אָרגאנישער אײַנגעפלאָכטנקײַט אינעם גרונט־מאסיוו פון דער שפּראך.

אין יידיש־טײַטש פילט זיך נאָך ניט די פולע אָרגאנישקײַט פון די סעמיטיזמען. זיי קומען דאָסראָוו ווי פרעמד־ווערטער און אָפט נאָך מיט זייער אורשפּרינגלעכער סעמאנטיק, ווי „שמועס“—מיטן באטײַט „געהערטע זאכן“, נײַס, „פעולע“—ארבעט, „האנאָע“—נוץ, ניט ווי אין יידיש—געשפּרעך, דערפאָלג, פארגעניגן א.א.וו.

באם אופקום־פּראָצעס פון יידיש לאָזט זיך ניט ריידן וועגן פּאָשעטער „אנטלײַזונג“, אז אין יידיש־טײַטש זײַנען ארײַנגעדרונגענע „אנטלײַזונגען“ פון די סלאווישע און סעמיטישע שפּראכן און דורך דעם איז יידיש־טײַטש געוואָרן יידיש.

מע קען ריידן וועגן דער דערשײַנונג פון „אנטלײַזונג“, ווען דער גרונט־פאָנד פון דער שפּראך איז מער אָדער ווייניקער פעסטגעשטעלט און ווען דער געגעבענער שפּראך־טיפּ איז אין גרונט אויסגעבילדעט. אין אזא פאל דערגאנצן די „אנטלײַענע“ טערמינעס דעם גרונט־פאָנד. די „אנטלײַונגען“ פארזיכערן דעם גרונט־פאָנד מיט באשטימטע קאטעגאָריעס טערמינעס פון באשטימטע לעבנס־געביטן און עס לאָזט זיך דאָסראָוו פעסטשטעלן די באשטימטע געביטן פון דער שפּראך (קולטור־

טערמינעס, טעכניק, פּאָליטישע א.א.וו.), וואָס די „אנטלײַונגען" האָבן אפּ א געוויסן היסטאָרישן עטאַפּ געגומען פאַרצייכענען.

אנדערש איז אָבער, ווען א שפראכ געפינט זיכ אפּ אן איבערגאנגס־סטאדיע פון איין טיפּ אין צווייטן, און ווען דער גרונט־פאָנד פונעם נײַעם טיפּ קומט אופּ אפּ דער באזע פון פאַרשיידענע שפראכן. עס לאָזט זיכ ניט ריידן וועגן „אנטלײַונגען" דאָרטן, ווו דער גרונט־פאָנד פון דער שפראכ, די באזע פון דער שפראכ איז אָרגאניש דורכגעפלאָכטן אין דער ברייט און אין דער טיפ אין אלע געביטן פון דער שפראכ מיט פאַרשיידן־שפראכיקע מאסיוון. ס'איז שווער צו ריידן וועגן א דערשײַנונג פון „אנטלײַונג", ווען דער עצעם געבורט פון דער שפראכ איז מעגלעכ געוואָרן אפּ דער באזע פון פאַרשיידענע שפראכן, ווען אָן דער דורכגעפלאָכטנקײַט פון די פאַרשיידן־שפראכיקע מאסיוון איז נאָכ די געגעבענע שפראכ ניט געווען, איז נאָכ דער גרונט־פאָנד פון דער געגעבענער שפראכ ניט געווען.

אזא דערשײַנונג האָבן מיר טאקע באם אופקום־פּראָצעס פון ייִדיש.

ייִדיש־טײַטש איז אופגעקומען אין די דײַטשישע לענדער. דער פאַרוואנדלונג־פּראָצעס אָבער פון ייִדיש־טײַטש אין ייִדיש קומט פאָר אין די סלאווישע לענדער (פוילן, אוקראַינע, גאליציע, ווײַסרוסלאנד, רוסלאנד).

אין 16־טן יאָרהונדערט ווערן אין גרונט געשאפן די פאָרבאדינגונגען פארן אופקום פונעם נײַעם שפראכ־טיפּ ייִדיש. אין דער צײַט קומט פאָר אן איבערבראָכ אינעם ייִדישן לעבן. די גרונט־מאסע ייִדישע באפעלקערונג הויבט זיכ אָן אָריענטירן הויפּטזעכלעכ אפּן אינערלעכן מארק. ס'קומט פאָר א מאסן־איבערגאנג צו ארענדע־באשעפטיקונגען. עס קומען אופּ קאָמפּאקטע ייִדישע מאסן אין די פּריצישע שטעטלעכ. עס מערן זיכ די ייִדישע באלמעלאָכעס, וואָס ארבעטן אויס סכוירע פארן אלגעמיינעם ניט־ייִדישן מארק. ס'קומט אופּ דער טיפּ לאנדגייער (פּעדלער, באלמעלאָכע), וואָס וואנדערט א גאנצע וואָכ איבער די דערפער. מאסן ייִדן באזעצן זיכ אין די דערפער.

די דאָזיקע נײַע עקאָנאָמישע פאקטאָרן ברענגען צו אן ענדערונג אין דער אָרגאניזאציע פונעם ייִדישן לעבן.

די עקאָנאָמישע אָפּהענגיקײַט פון די ברייטע מאסן פונעם רײַכן ייִדישן ארענדאטאָר—דער הערשנדיקער קלאס אין יענער עפּאָכע—ברענגט צו דער קאָנצענטרירונג, צענטראליזירונג און פאַרשטארקונג פון דער גוויריש־ראבאָנישער קעהילע—דער קלאסן־אָרגאן, וואָס דינט אײַנצוצאמען די ברייטע מאסן, צו האלטן זיי אין געהאָרכזאמקײַט און אונטערטעניקײַט, וואָס דינט אײַנצוהאלטן דעם עקזיסטירנדיקן סאָציאלן סיידער.

די אלע נײַע פאקטאָרן זײַנען פאַרבונדן געווען מיט די סאָציאל־עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּראָצעסן, וואָס זײַנען אין יענער צײַט פאָרגעקומען אין פוילן און ליטע. ניט צופעליק ווערט דער העכסטער אָרגאן פון דער קעהילע („ועד ארבע הארצות") געגרינדעט קימאט אײַנצײַטיק מיט דער ליובלינער אוניע (די פויליש־ליטווישע ליובלינער אוניע ווערט געשאפן אין 1569 יאָר און דער „וואד" אין 1580 יאָר).

בא אזעלכע נײַע באדינגונגען האָט ייִדיש־טײַטש ניט געקענט מער באפרידיקן.

ס'קומט אויף די גייסטיקײַט אין א גרונטיקן איבערבראָך אין דער שפּראַך, די גייסטי־קײַט אין א נײַער שפּראַך־באַזע.

די נײַע לעבנס־פאַקטאָרן האָבן אָבער גלײַכצײַטיק אויך געשאַפן די וועגן פאַרן אופקום פון דער נײַער שפּראַך־באַזע.

דאָס ענגסטע צוזאַמענלעבן פון דער ייִדישער מיט דער פּוילישער, אוקראַיִנישער, ווײַסרוסישער, רוסישער באַפעלקערונג האָט פאַר דער שאַפונג פון דער ייִדיש־באַזע געעפנט ברייט דעם קוואַל פון די אַנטשפּרעכיקע סלאַווישע שפּראַכן.

גלײַכצײַטיק האָט די צענטראַליזירטע פאַרצווײַגטע קעהילע־אָרגאַניזאַציע, וואָס אירע אידעאָלאָגישע און טעכנישע אויספירער זײַנען געווען די קלייקוידעש, באַ־דינגט פאַר דער שאַפונג פון דער ייִדיש־באַזע די ברייטע עפענונג אויך פון סעמי־טישן קוואַל (העברעיִש־אַראַמעיִש—די אָפיציעלע קאַנצעלאַרישע שפּראַך פון דער קעהילע־אָרגאַניזאַציע).

דער גרונט־פאָנד פון ייִדיש, וואָס ווערט געשאַפן אין דער עפּאָכע פון 16—18 י.ה., קומט אויף אָפּ דער באַזע פון ייִדיש־טײַטש. סלאַווישע און סעמיטישע שפּראַכן, וואָס זײַנען אָפּן ענגסטן אויפן דורכגעפלאָכטן צווישן זיך. אָן די דרײַ גרונט־מאַסיוון איז נאָך דער גרונט־פאָנד פון ייִדיש ניט געווען, איז נאָך קיין ייִדיש ניט געווען.

מיר האָבן דאָ צו טאָן דעריבער ניט מיט א געוויינלעכער דערשײַנונג פון „אַנט־לײַונג“, נאָר מיט א מער קאָמפּליצירטערן פּראָצעס, מיט א מער קאָמפּליצירטערע דערשײַנונג.

עס איז אן אומזין צו ריידן וועגן באַשטימטע „מיסיעס“ פון יעדער קוואַל.

ס'איז אויך ניטאָ קיין גרונט פאַר שטיפס באַהויפּטונג, אַז „די סאָכרים און לאָמדים האָבן דורכגעזעצט אין דער מאָסע א טייל פון זייער העברעיִשן אינווענ־טאַר“.

אין יענער עפּאָכע האָט מען זיך מיט באַוווסטזיניקער שפּראַך־בויונג ניט פאַר־נומען. די אויבערשטע ווי די אונטערשטע שיכטן האָבן באַם אויסנוצן נײַעם שטאָף פון פאַרשיידענע קוואַלן זיך ניט פאַרטראַכט וועגן אָפּשטאַם און „ייִכעס“ פון שפּראַך־מאַטעריאַל, כאָטש די באַציִונג פון די פאַרשיידענע שיכטן צו פאַרשיידענע שפּראַכן איז געווען א פאַרשיידענע. זיי האָבן געהאַט פאַר זיך נאָר איין ציל: באַפרידיקן די נײַע באַדערפענישן אין שפּראַך־מיטלען און צו וואָסער קוואַל מען איז אין דער געגעבענער קאָנקרעטער לאַגע געשטאַנען נענטער און וואָסער קוואַל עס האָט דערצו געגעבן דעם גייסטיקן שטאָף איז אָן איבערקלײַב אויסגענוצט געוואָרן.

האָט צ. ב. דער העברעיִש־אַראַמעיִשער קוואַל געגעבן מער שטאָף פאַר אַב־סטראַקטע און קלאַל־נעמען, ווי עמעס, כאָכמע, סייכל, קויעך, כאַיעס, בעגאָדים, אוי־פעס, מײַכאָלים, קיילים, אײַוורים א. א. וו. און וויניקער קאָנקרעטע טערמינען, ווײַל די העברעיִש־אַראַמעיִשע שפּראַך האָט זיי אַליין געמוזט שעפּן פון דער לע־בעדיקער רייד־שפּראַך, ווי ברײַהויז, שנײַכלער, קלייטן, ראָג, אופגאָב, טאָרג, קרעטשמע, טענדלערקע, אָפּשריפט, פונקטן, לעקעך, קאַמאָרניק א. א. וו. (אין די פּינקאָסים).

דאַגעגן האָט דער קוואַל פון די סלאַווישע שפּראַכן געגעבן מער שטאָף פאַר

רעאלע אונ קאָנקרעטע באגריפנ, ווי סאָסנע, בעריאָזע, פאסטעכ, ארענדע, סלופ, קוימענ, מעדניצע, סקארב א.א.וו. א.וו.

אז אויכ די לאָמדישע שיכטנ האָבנ זיכ ניט פארטראכט וועגנ „ייִכעס" פונ קוואל איז צו זענ פונ די מאסנ־סלאוויזמענ, וואָס ווערנ באנוצט אינ די ראבאָנישע פינקאָסימ אונ ש״ת [1]). זיי האָבנ ניט נאָר גענוצט אלטע סלאוויזמענ, נאָר אויכ נייַע רוסיזמענ, ווי „עייפ אווטאָוועזדעניע דהנאצאלסטווי", „טאָרגאָווי ליסט", „צלענש", „ראחר קווארטאלני נאדזיראטעל דפאָליציע" א.א.וו. (מאָהלעווער פינקעס, 1811 יאָר).

די דרייַ פארשיידנשפראכיקע מאסיוונ, וואָס שטעלנ פאָר מיט זיכ דעם יעסאָד פונ ייִדיש, קרייצנ זיכ דורכ אינ פארשיידענע געביטנ. זיי דערגאנצנ איינע די אנדערע, זייַנענ צונויפגעוואָקסנ אינ שטיקער רייד. דערהויפט איז עס בוילעט בא עמאָציאָנעל־עקספרעסיווע שילדערונגענ, באמ כאראקטעריזירנ מענטשנ, לאגעס, באמ פארשטארקנ דעמ באגריפ א.א.וו., ווי צ.ב.: רויבער — מערדער — גאזלענ־ראזבויניק — רויצייעכ, פינצטער — כוישעכ, א כוישעכ — א וויוגע, א געוויינ — א יעלאָלע, א שטארקער — א גיבער, א שיינע — א קראסאוויצע, א מויל — א פיסק, א האנט — א לאפע, א הויכער — א דראָנג, א קארגער — א קאמצנ, א קלאפ — א טראסק, א טומל — א ראעש — א סומאטאָכע — א מעהומע, א זונ — א בענ, פיס — ראגלאימ, הענט — יאָדאימ א.א.וו.

די באזע פונ ייִדיש־טייַטש איז, ווי דייַטש, געווענ אָרעמ אינ „נאָמינאל־ווערטער מיט דער אויספאָרמירונג פונ אייגנשאפט אָדער קוואליטעט, דערונטער אויכ אינ אדיעקטיוונ" (מאר). עס האָבנ דעריבער געשטראָמט וואָרט־מאטעריאלנ סייַ פונ סלאווישנ אונ סייַ פונ סעמיטישנ קוואלנ צו כאראקטעריזירנ מענטשנ, ווי צ. ב.: וואזשנע, זנאטשנע, סומנע, ציקאווע, פראָסטע, אקוראטנע, ספריטנע, אדוואזשנע א.א.וו. אונ כאָשעווע, שלימאזלדיק, באלגייַוועדיק, מאָרעשכוירעדיק, מעשוגע, כאָסעדייע, באל־ראכמימ, באלייצע א.א.וו.

אינ די פאלנ, ווענ די פארשיידענע קוואלנ זייַנענ געווענ אימשטאנד צו ליפערנ שטאָפ, זייַנענ זיי אויסגענוצט געוואָרנ סייַ פאר „דערהויבענע" אונ סייַ פאר „וואָכעדיקע" באגריפנ. איז צ. ב. די „זופיצע" ניט ווייניקער „דערהויבנ" געוואָרנ, ווי דער „ארבעקאנפעס" אונ „מעד", אונ כריינ — ניט ווייניקער, ווי האָמענטאשנ אונ „כארייסעס". גאזלענ אונ גאנעוו זייַנענ ניט קיינ גרעסערע „מעיוכאָסימ", ווי ראזבויניק אונ קעשעניק א.א.וו.

דעמ זעלביקנ איבערפלעכט איז צו מערקנ אויכ בא וואָרטבילדונג.

דער וועזנטלעכער פרינציפּיעלער אונטערשייד פונ ייִדיש מיט ייִדיש־טייַטש אינ געביט פונ וואָרטבילדונג באשטייט אינ פאָלגנדיקעס: ייִדיש־טייַטש, ווי דייַטש, איז געווענ אָרעמ אינ קאָנקרעטע נאָמינאלע סופיקסנ אויסצודריקנ קוואליטעט אָדער אייגנשאפט, דערונטער אויכ אינ אדיעקטיוונ.

דער הויפט־וועג צו שאפנ טערמינעס אינ ייִדיש־טייַטש (ווי אינ דייַטש) איז דעריבער געווענ דער מיטל פונ צונויפגעזעצטע ווערטער, אינ די סלאווישע שפראכנ

[1]) זע אונדזער ארבעט „סלאוויזמענ אינ ייִדיש פונ 16—18 יאָרהונדערט לויט שריפטלעכע קוועלנ" אונ „לינגוויסטישע זאמלונג" 3, מינסק, ז. 73—96.

אָבער איז דער הויפּט־וועג באַם שאַפן טערמינען, סופיקסאַציע און אַדיעקטיוויזאַציע.

אָט דער סלאַווישער וועג פון וואָרטבילדונג — דער וועג פון סופיקסאַציע און אַדיעקטיוויזאַציע — האָט זיך אויך אײַנגעבירגערט אין יידיש, ווי אַ צווייטער גרונט־וועג פון וואָרט־בילדונג.

אין יידיש האָבן זיך אײַנגעבירגערט אַסאַך סלאַווישע נאָמינאַלע סופיקסן, ווי ניק, קע, אַק, ניאַק, וק, עוואַטע, יכע, עצ, סקע א.אַ.וו.

ניט נאָר נײַע באַגריפן ווערן מאָמענטווײַז געשאַפן מיטן מיטל פון סופיקסן און אַדיעקטיוון, נאָר אויך אַלטע באַגריפן ווערן אין אַ גרויסער צאָל איבערגעפורעמט מיטן נײַעם מיטל. און ניט נאָר מיט דער הילף פון סלאַווישע סופיקסן, נאָר אויך מיט ניט־סלאַווישע, ווײַל די נײַע גרונט־טענדענץ אינעם געביט פון וואָרטבילדונג האָט געפירט צו דער אַקטיוויזירונג אויך פון יידיש־טײַטשישע סופיקסן.

אַזוי, צ. ב., טרעפט מען אין די יידישע דענקמעלער פון 16—17 יאָרהונדערט קעסיידער אַזעלכע צונויפזאַצן, ווי רעכילעס־טרײַבעריג, ווײַבער־שול, מאַנין־שול, יודן־גלויבן, דאָרפסמאַנ א.אַ.וו., וואָס שפּעטער ווערן זיי אויסגעבילדעט מיט דער הילף פון סופיקסן און אַדיעקטיוון, ווי רעכילעסניצע, ווײַבערשע שול, מאַנצבילשע שול, יודישער גלויבן, ישוווניק א.אַ.וו.

גלײַכצײַטיק אָבער אַנטוויקלט זיך ווײַטער דער ערשטער וועג פון וואָרט־בילדונג — דער וועג פון צונויפזאַצן.

אויך דאָ אינעם געביט פון וואָרטבילדונג האָט די העברייִש־אַראַמייִשע שפּראַך אַרײַנגעטראָגן איר כּלעק. באַרײַכערנדיק די שפּראַך מיט נאָך אַ מיטל פון וואָרט־בילדונג — דאָס איז דער סעמיטישער טיפּ צונויפזאַצן, באַזונדערס די קאַטעגאָריע מיט „באַל".

דער סעמיטישער טיפּ צונויפזאַצן ווערט טאַקע אַקטיוויזירט אין דער געבורט־עפּאָכע פון יידיש (16—18 י. ה.). אין די אַלטע דענקמעלער פון יידיש־טײַטש באַגעגנט ער זיך זעלטן און ווערט אַן אָפּטע דערשײַנונג אין 17—18 י. ה. אַזוי, צ. ב., הייבן אָן געשאַפן ווערן אַזעלכע צונויפזאַצן מיט „באַל", ווי באַל־טאַקסע, באַל־קאַראָבקע, באַל־אַסיגנאַציע, באַלעגאָלע א.אַ.וו. א.וו.

אינעם געביט פון וואָרטבילדונג פלעכטן זיך דאָ איבער דער יידיש־טײַטשישער „מאַן", טוער, דער סעמיטישער „באַל" און דער סלאַווישער „ניק", וואָס האָבן אַלע דעם זעלביקן באַטײַט „פּערזאָן". זיי פירן צווישן זיך אַ קאָנקורענץ. דאָס איז צו זען פון אַזעלכע פּאַראַלעלע אויסבילדונגען, ווי פורמאַנ און באַלעגאָלע, וואָרטסמאַנ און באַלנעמאָנעס, פּאָליצײ־לײַט און פּאָליצײניקעס (יוסעף פּערל), טליים־זאָגער און טליימניק, בייסמעדרעש־באָכער און בייסמעדרעשניק, באַלהאָזע און האָזעניק א.אַ.וו. די דאָזיקע קאָנקורענץ האָט אַפילע געבראַכט צו אַזאַ קאָמבינאַציע, צו אַזאַ נײַער פאָרם, ווו עס פיגורירן גלײַכצײַטיק אי באַל, אי ניק, ווי באַלטשוועניק (בוכשט. פּערזאָן+טשוווע+פּערזאָן, באַל+האָזע+ניק, באַל+טיווע+ניק א.אַ.וו.).

דער דאָזיקער איבערפלעכט פון די פאַרשיידענע וואָרטבילדנדיקע מיטלען, וואָס שטאַמען פון אַלע דרײַ שפּראַכלעכע קוועלן, האָט באַרײַכערט די שפּראַך און

שטעלט פאַר מיט זיכ איינעמ פונ די כאראקטעריסטישע שטריכנ פונ ייִדיש לעגאבע ייִדיש־טײַטש.

ס'זײַנענ אָבער פאראנ אזעלכע געביטנ פונ דער שפראכ, ווו די באריַיכערונג איז געגאנגענ הויפטזעכלעכ אפנ כעזשבנ פונ איינ שפראכלעכער גרופע.

דאָס איז פאָרגעקומענ דעמלט, ווענ צוליב קאָנקרעט־היסטאָרישע אומשטענדנ איז פאָרגעקומענ אנ ענגע באַרירונג הויפטזעכלעכ מיט איינ באשטימטער שפראכלעכער קוועלע. מיר וועלנ עס איליוסטרירנ מיט איינעמ (אָבער ווײַט ניט איינציקנ) זייער א בוילעטנ פאקט.

דער אָנטייל פונ די סלאווישע שפראכנ אינ דער אויסבילדונג אונ אנטוויקלונג פונ ייִדיש אפ אלע עטאפנ איז אומגעהויער גרויס. אָבער אינ געביט פונ פרעפאָזיציאָנעלער דעקלינאציע האָבנ די סלאווישע שפראכנ קימאט קיינ שפור ניט געלאָזנ. דאגעגנ אָבער איז די העברעייִש־אראמעייִשע שפראכ געווענ אינ א באשטימטער עפאָכע (16—18 י. ה.) די הויפט־קוועלע פאר דער באריַיכערונג פונעמ דאָזיקנ געביט.

ייִדיש, ווי אנ אויסגעשפראָכענער אנאליטישער טיפ, האָט זייער ווייניק דעקלינאציע־פאָרמעס. דאָס האָט געצווּנגענ צו מאכנ א באזונדערנ אָנדרוק אפ דער פרעפאָזיציאָנעלער דעקלינאציע. די שפראכ איז באריַיכערט געוואָרנ מיט א גרויסער צאָל פרעפאָזיציעס, וואָס פארבײַטנ מיט זיכ די בויגפאל־פאָרמעס, וואָס גיבנ א מעגלעכקײַט אויסצודריקנ די פארשיידענע בויגפאל־באציִונגענ.

נעמענ מיר אָבער דעמ אינווענטאר פונ די פרעפאָזיציעס אינ ייִדיש, געפינענ מיר דאָרטנ נאָר איינ אײַנגעבירגערטע פרעפאָזיציע פונ סלאווישנ אַפשטאמ (פאזע פונ по-за). די צאָל אָבער פונ פרעפאָזיציעס פונ העברעייִש־אראמעייִשנ אָפשטאמ איז זייער גרויס, ווי צ. ב.: מאכמעס, בעשאס, בײס, אלפּי, בענעגייע, מעקייעכ, לעקאָוועד, אכוצ, לעשעמ, ערעוו, אינ מעשעכ א.א.וו.

די דאָזיקע קאטעגאָריע פרעפאָזיציעס, א. ג. אדווערבאלע, זײַנענ אויכ אינ די אייראָפעיִשע שפראכנ אויפגעקומענ שפעטער, ווענ עס קומט פאָר דער אויסבילדונג־פראָצעס פונ די נאציאָנאלע שפראכנ, ווענ עס קומט אופ די נייטיקײַט אויסצודריקנ די פארשיידענע נײַע לאָגישע באציִונגענ אינ דער עפאָכע פונעמ אָנגרײַפנדיקנ קאפיטאליזמ. ווענ אזעלכע פרעפאָזיציעס אינ דער דײַטשישער שפראכ, ווי ausserhalb—כוצ; während—בעשאס, בײס; binnnen—אינ מעשעכ; bezüglich אָדער rücksichtlich—בענעגייע א.א.וו. זאָגט פראָפ. זשירמונסקי, אז „דער אופקומ פונ דער מערהײַט פונ די דאָזיקע פרעפאָזיציעס געהערנ צו דער אופקומ־עפאָכע פונ דער נײַ־דײַטשישער נאציאָנאלער שפראכ. דערבײַ קומענ זיי טיילווײַז אופ אינ דער שפראכ פונ בוכ אונ קאנצעליאריע (אינ דער געשעפטלעכער שפראכ). די פויערישע דיאלעקטנ באנוצנ זיכ מיט זיי אינ גרונט ניט אונ באגרענעצנ זיכ מיט מער קאָנקרעטערע אונ פרימיטיווערע פאָרמעס פונ סינטאקסישע באציִונגענ“ [1].

דער אופקומ פונ די אייראָפעיִשע נאציאָנאלע שפראכנ באמײַט—אָפגאנג פונ לאטײַנ (וואָס איז געווענ אינ מיטלאלטער די שפראכ פונ בוכ אונ וויסנשאפט) צו דער

[1]) „Развитие строя немецкого языка“. Изд. А. Н. СССР. 1935., стр. 365.

לעבעדיקער רייד־שפראך. אין גרונט פון דער נאציאָנאלער שפראך ווערט געלייגט די שפראך פון הערשנדיקן קלאס, די שפראך פונעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן צענטער (מאָסקווע, פּאריזש, מאדריד, לאָנדאָן א.א.וו), איז דעריבער פארשטענדלעך, אז די נייע פּרעפּאָזיציעס, ווי אנדערע נייע שפראך־מיטלען, זיינען אין די אייראָפּעישע נאציאָנאלע שפּראכן געשאפן געוואָרן אין גרונט פון די רעסורסן פון דער רייד־שפראך.

אנדערש איז אָבער געווען די לאגע אין דער יידישער ווירקלעכקייט.

די אָפיציעלע שריפט־שפראך פון דער קעהילישער קאנצעליאריע און ראבאנישער ליטעראטור ביכלאל איז די העברייאיש־אראמייאישע און ניט די רייד־שפראך. אין דער דאָזיקער אָפיציעלער שפראך, וואָס אפ איר איז אויסגעקומען צו פיקסירן די נייע געזעלשאפטלעכע באציונגען, איז טאקע פאָרגעקומען אן ענלעכער פּראָצעס, ווי אין די אייראָפּעישע שפראכן. זי האָט געמוזט באריַיכערט ווערן מיט נייע שפראך־מיטלען, דערונטער אויך מיט פּרעפּאָזיציעס. עס ווערן אקטיוויזירט אלטע און עס ווערן געשאפן נייע. דער דאָזיקער פּראָצעס האָט אָבער ווייניק פארכאפּט די רייד־שפראך.

די אָפיציעלע געשעפטלעכע שפראך איז אָבער ניט פארבליבן אָפּגעשלאָסן פון דער רייד־שפראך. די באשלוסן און פאראָרדענונגען פון דער קעהילע האָבן געמוזט דערפירט ווערן צו די ברייטע מאסן. אנדערש וואָלטן זיי ניט דערגרייכט דעם ציל. קומט טאקע אופ דעריבער א יידישער וואריאנט פון דער אָפיציעלער שפראך, אפ וועלכן עס ווערן שריפטלעך און מונדלעך (קויל־קוירעס, מוידאָעס, מונדלעכע מעלדונגען א.א.וו.) פּאָפּוליאריזירט די וויכטיקסטע באשלוסן פון קאָהאָל. אזעלכע אופרופן זיינען שוין פיקסירט אין די פּינקאָסים אין 17־טן י. ה.

דער יידישער וואריאנט איז אופגעקומען, זיך אנטוויקלט און זיך געפונען אינגאנצן אונטער דער ווירקונג פון דער אָפיציעלער (העברייאיש־אראמייאישער) שפראך. איז דעריבער פארשטענדלעך, אז אינעם יידישן וואריאנט איז אריבערגעטראָגן געוואָרן די גאנצע דערפארונג פון דער אָפיציעלער שפראך (די גאנצע טערמינאָלאָגיע און אנדערע נייע שפראך־מיטלען, דערונטער אויך די נייע פּרעפּאָזיציעס). דער יידישער וואריאנט פון דער אָפיציעלער געשעפט־שפראך שטעלט פאָר מיט זיך אָן סאָפּעק דעם הויפּט־קאנאל, דורך וואנען עס האָבן ביכלאל געשטראָמט די סעמיטיזמען אין יידיש און באזונדערס אין דער ליטעראטור־שפראך. עס איז דעריבער אינגאנצן פארשטענדלעך, פארוואָס די אנטוויקלונג פון דער פּרעפּאָזיציאָנעלער דעקלינאציע, די באריַיכערונג פון נייע פּרעפּאָזיציעס איז אין יענער עפּאָכע געגאנגען הויפּטזעכלעך אפן כעזשבן פון די סעמיטישע שפּראכן.

וויַיט ניט אָבער אלץ, וואָס האָט געשטראָמט דורך פארשיידענע קאנאלן פון פארשיידענע קוועלן איז אריַין אינעם פאָנד פון יידיש. ניט אלץ האָט זיך אָפּגעזעצט אין דער שפראך, וויַיל ניט אלץ איז געגאנגען אפן ברייטן שליאך פון שפראך־אנטוויקלונג, וויַיל ניט אלץ איז ארויסגערופן געוואָרן דורך דער היסטאָרישער נויטווענדיקייט און געזעצמעסיקייט, וויַיל ניט אלץ איז געגאנגען אפן וועג פון באפרידיקן די נייע באדערפענישן פונעם ריידנדיקן קאָלעקטיוו און וויַיל ניט אלץ, ענדלעך, איז געגאנגען לויט די אנטוויקלונג־נאָרמעס פון דער שפּראך.

דאָ איז ווידער קיין איין שפּראכלעכע קוועלע, קיין „יאכסנ" ניט געווען. עס האָבן זיך ניט אָפּגעזעצט אין דער שפּראך עלעמענטן סײַ פון סעמיטיזמען, סײַ פון סלאוויזמען און סײַ אויך פון גערמאניזמען.

מיר וועלן עס איליוסטרירן מיט אייניקע פאקטן.

צוזאמען מיט די נייטיקע נײַע פּרעפּאָזיציעס האָבן פון דער אָפיציעלער העברייִש־אראמייִשער שפּראך געשטראָמט אינעם ייִדישן ווארינאנט אויך אזעלכע סעמיטישע פּרעפּאָזיציעס, ווי אין דער פאָרם פון איין קאָנסאָנאנט. צ. ב.: „ל", „איך בין געקומען למאָסקווי" (שו״ת, מרדכי זיסקינד רוטנבערג); „ב", „בין געווען במאָסקווי" (דאָרטן); „מ", „האָבן איין גרוס מהאמבורג בעהאט" (זיכרוינעס פון גליקל האמל); „ד", „הארוו דליטע" (פּינקעס ליטע) א.א.וו.

עס האָבן אויך געשטראָמט אזעלכע זעלבשטענדיקע סעמיטישע פּרעפּאָזיציעס, ווי „אל"—אָפּ, אל־יעדיי—דורך, אד—ביז, אייצעל—לעם, אים—מיט א.א.וו.

אָבער די דאָזיקע פּרעפּאָזיציעס האָבן זיך אלס קלאל אין ייִדיש (אין דער ריידשפּראך און אין דער ליטעראטור־שפּראך) ניט אײַנגעבירגערט. דער באנוץ פון די דאָזיקע פּרעפּאָזיציעס איז פארבליבן כאראקטעריסטיש נאָר פאר דער געמישטער שפּראך פון באשטימטע שיכטן און באשטימטע זשאנרען.

דאָס איז דערפאר, ווײַל די דאָזיקע פּרעפּאָזיציעס האָבן די באזע פון ייִדיש ניט בארײַכערט. זיי זײַנען ניט געגאנגען אפן ברייטן שליאך פון דער אנטוויקלונג פון דער שפּראך. די ערטער פון די דאָזיקע פּרעפּאָזיציעס זײַנען שוין געווען פארנומען. די פּרעפּאָזיציעס מיט, אָפּ, ביז, צו, פון א. אנד. האָט שוין פארמאָגט ייִדיש־טײַטש.

עס איז כאראקטעריסטיש, אז די סעמיטישע פּרעפּאָזיציעס אין דער פאָרם פון קאָנסאָנאנטן, וואָס זײַנען ארײַנגעדרונגען אין ייִדיש צוזאמען מיט די סעמיטישע ווערטער, האָבן אויך אין אסאך פאלן קאָנקורענטן צווישן ייִדיש־טײַטשישע פּרעפּאָזיציעס.

אזוי, צ. ב., קאָנקורירט מיט „לעסאָף" די פאָרם „צום סאָף" („און צום סאָף ווערט ער פארלאָרן"—נאכמען בראסלאווער), מיט „לעמאזל"—„צו מאזל" („עס איז געוואָרן טנאָים צו מאזל"—אקסנפעלד), מיט „בישכיינעס" קאָנקורירט „אין שכיינעס", מיט „בעעמעס"—„אינדערעמעסן" א.א.וו.

אמאָל ווערט צו דער סעמיטישער פּרעפּאָזיציע אפילע צוגעגעבן די ניט־סעמיטישע, ווי לעהאכיס און צעלאָכעס, אָדער אפילע מיט צווי פּרעפּאָזיציעס—„אָפּ צעלאָכעס" א.א.וו.

די זעלביקע דערשײַנונג פון ניט אײַנבירגערונג איז אויך צו מערקן בא סלאוויזמען.

פון די סלאווישע שפּראכן האָבן זיך אין ייִדיש אײַנגעבירגערט, ווי געזאָגט, אסאך וואָרטבילדנדיקע עלעמענטן (סופיקסן). עס האָבן געשטראָמט פון די סלאווישע שפּראכן אין ייִדיש ווערטער סײַ מיט קאָנקרעטע און סײַ מיט אבסטראקטע סופיקסן. אלס קלאל אָבער האָבן זיך אײַנגעבירגערט אין ייִדיש נאָר סלאווישע קאָנקרעטע סופיקסן (ניק, אק, וק, עץ א.א.וו.). אבסטראקטע סלאווישע סופיקסן זײַנען אָבער, אלס קלאל, ניט געוואָרן קיין פּראָדוקטיווע וואָרטבילדנדיקע עלעמענטן

אין ייִדיש. דאָס איז ווידער דערפאַר, ווײַל אין אַבסטראַקטע סופיקסן איז ייִדיש־טײַטש געווען גאַנץ רײַך.

אַזוי, צ. ב., האָט זיך אין ייִדיש ניט אײַנגעבירגערט דער סלאַווישער סופיקס „נאַסט“ און אַפילע סלאַוויזמען ווערן אויסגעפאָרמירט מיטן ניט־סלאַווישן אַדעקוואַטן סופיקס „קײַט“, ווי בעזדעטנעקײַט, בעספּעטשנעקײַט א.א.וו.

דער אַבסטראַקטער סלאַווישער סופיקס „סטווע“ איז קיין פּראָדוקטיווער וואָרטבילדנדיקער עלעמענט אין ייִדיש ניט געוואָרן. נאָר געציילטע ווערטער זײַנען פאַראַן מיט דעם דאָזיקן סופיקס, ווי גאַזלעוויסטווע, צוויאַטסטווע און נאָך אייניקע. דאָסראָוו אָבער ווערטער, אַפילע סלאַוויזמען, זײַנען אויסגעבילדעט מיט אַדעקוואַטע ניט־סלאַווישע סופיקסן, ווי פּאַסטוכערײַ (ניט פּאַסטושעסטווע) און אַפילע הולטײַסקעקײַט (מענדל לעפן).

די זעלביקע דערשײַנונג איז אויך בײַ אַדיעקטיווע סופיקסן. עס האָט זיך, צ. ב., שטאַרק אײַנגעבירגערט דער סופיקס „עוואַט“ (טאַמעוואַטע, נאַרישעוואַטע א.א.וו.), ווײַל ניט ייִדיש־טײַטש און ניט דײַטש פאַרמאָגן ניט קיין אַדעקוואַטן סופיקס אויסצודריקן דעם דאָזיקן באַגריף. אין דײַטש קומט אויס צו באַשרײַבן דעם דאָזיקן באַגריף (etwas verückt) אָבער בײַ פאַרבן, צ. ב., ווערט שוין אין ייִדיש דער סופיקס „עוואַט“, לויטן מוסטער פון די סלאַווישע שפּראַכן, ניט באַנוצט: ניטאָ רויטעוואַטע, בלויעוואַטע (ווי красноватый א.א.וו.), ווײַל פאַר דעם איז געווען אַן אַדעקוואַטער ניט־סלאַווישער סופיקס „לעך“ (רויטלעך, בלוילעך, ווײַסלעך א.א.וו.).

די זעלביקע דערשײַנונג איז אויך צו מערקן אַף אַ שפּעטערדיקן עטאַפּ מיט דײַטשישע סופיקסן. מיר האָבן אין זינען דעם פּעריאָד בײַם דער אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

אַף אַ געזעצמעסיקן אופן דרינגען, ווי באַוווּסט, אַרײַן אין ייִדיש פון דער דײַטשישער שפּראַך זייער אַסאַך רעוואָליוציאָנערע און פּאָליטישע טערמינען. די דאָזיקע טערמינען דרינגען אַרײַן לעכאַטכילע אין זייער דײַטשישער פאָרם, ווי רעוואָליוציאָן, אַגיטאַציאָן, אָרגאַניזאַציאָן א.א.וו.

שפּעטער אָבער פאַלט די דאָזיקע פאָרם אָפּ, ווײַל דער דאָזיקער אינטערנאַציאָנאַלער סופיקס האָט זיך שוין אין דער געבורט־עפּאָכע פון ייִדיש אײַנגעבירגערט אין דער סלאַווישער פאָרם. שוין אין 17־טן י. ה. טרעפט מען קימאַט אומעטום די פאָרם „ציע“, ווי אַסיגנאַציע, אַסיגנאַציעס (פּ. ליטע), קראַנאַציע (דאָרטן), פּראָטעקציע (מאָליעווער פּינקעס) א.א.וו.

ניט דער אָפּשטאַם־ייִכעס איז גענומען געוואָרן אין אַכט, נאָר די היסטאָרישע געזעצמעסיקײַט.

קאָמפּליצירטער, ביז גאָר שווער איז צו דערווײַזן די געזעצמעסיקע אײַנבירגערונג און אָפּפאַל אין געביט פון טערמינאָלאָגיע (סאָציאַל־עקאָנאָמישע, שטייגערישע א.א.וו.). אויב בײַ וואָרטבילדנדיקע עלעמענטן לאָזט זיך אָפּט מער אָדער ווייניקער פעסטשטעלן די עקוויוואַלענטקײַט פון פאַרשיידנשפּראַכיקע סופיקסן, איז עס בײַ טערמינען, ווי בײַ לעקסיק ביכלאַל, זייער און זייער שווער.

אַ טערמין קען האָבן אָן אַ שיר ניואַנסן אינעם באַטײַט. הויפּטזעכלעך שטאַמען די פאַרשיידענע באַטײַטן־ניואַנסן פון דער קאָנקרעטער פונקציע, וואָס די זאַך פּילט

אויס אין דעם געגעבענעם מאָמענט, פון וואָסער שטאַנדפונקט די זאַך ווערט געזען און אין וואָסער קאָנטעקסט זי ווערט אין דעם קאָנקרעטן פאַל געזען און באַנוצט.

עס איז דעריבער זייער שווער צו באַהויפּטן, אַז אַזאַ אָדער אַן אַנדער וואָרט האָט אַרויסגעשטויסן אַן אַלטן וואָרט פאַרן זעלביקן באַגריף, ווײַל מע מוז פריִער פעסטשטעלן די קאָנקרעטע היסטאָרישע אומגעבונג, ווען דאָס נײַע וואָרט איז אַרײַנגעדרונגען, מיט וואָס פאַרא באַטײַט־ניואַנס עס איז לעכאַטכילע אַרײַנגעדרונגען א.א.וו.

באַם פעסטשטעלן די געזעצמעסיקע אײַנבירגערונג פון טערמינעס מוז מען פאַרשן דעריבער די געשיכטע פון יעדעס וואָרט באַזונדער.

דאָס פאָלק, וואָס שאַפט זײַן געשיכטע, שאַפט טאָגטעגלעך זײַן שפּראַך. יעדער קלאַס, יעדער סאָציִאַלע גרופּע, יעדער דיִאַלעקטישע גרופּע זוכן צו באַפרידיקן זייערע אינטערעסן און באַדערפענישן. ווענדעט זיך אָן דעם צו וואָסערע שפּראַך־קוואַלן די פאַרשיידענע גרופּעס געפינען זיך נענטער אָפּ דעם קאָנקרעט־היסטאָרישן עטאַפּ.

אָבער אויך דער אײַנבירגערונג־פּראָצעס פון טערמינעס און לעקסיק בכלל קומט ניט פאָר ווילקירלעך. ער איז ניט פאָרגעקומען (און קומט ניט פאָר) ווילקירלעך אויך אין ייִדיש, וווּהין עס האָבן געשטראָמט אָפּט אומבאַגרענעצט ווערטער פון פאַרשיידענע שפּראַכן.

ס'זײַנען פאַראַן אין ייִדיש נײַע טערמינעס (סלאַווישע, סעמיטישע) פאַר אַלטע באַגריפן, ווי גאַנעוו, כאַסענע, קאָרעוו, באַלעגאָלע, בעגער, קאָל א.א.וו. באָבע, זיידע, פלייצע, פּלימעניק פּאַכווע א.א.וו. אין דער זעלביקער צײַט זײַנען פאַראַן אָן אַ שיר נײַע באַגריפן, וואָס זײַנען אויסגעדריקט ניט דורך סלאַווישע און ניט דורך סעמיטישע ווערטער, ווי זאָקן־מאַכער, קאָמאַשן־שטעפּער, וואָליק־מאַכער א.א.וו.

אין ייִדיש זײַנען פאַראַן אַ סאַך סינאָנימישע טערמינעס, וואָס שטאַמען פון די פאַרשיידענע שפּראַכן־קוועלן. אַמאָל שטאַמען זיי פון פאַרשיידענע דיִאַלעקטן, ווי זאַליאַזניק (אוקר.) און אײַזן־קרעמער (ליטע), מושניק (אוקר.) און מעל־קרעמער אָדער מעל־הענדלער (ליטע), גוראַלניע (אוקר.) און ברויז (ליטע) א.א.וו.

סינאָנימישע טערמינעס זײַנען אויך אויפגעקומען אין איין דיִאַלעקטישער סוויווע, ווי, צ. ב., אין ליטע—שובע און פוטער, קאַפּעליוש און הוט א.א.וו.

אויפדעקן די געזעצמעסיקע אײַנבירגערונג פון ווערטער און גרופּעס ווערטער איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן פאַר די געשיכטע־פאָרשער פון ייִדיש, ווײַל דאָס וואָלט געהאָלפן אָפּן שפּראַכלעכן מאַטעריאַל אויפדעקן בלעטער פון דער געשיכטע פונעם ייִדישן פאָלק, בכלל.

סײַ די אַרײַנדרינגונג פון נײַע טערמינעס צוזאַמען מיט די נײַע „זאַכן“, סײַ די אַרײַנדרינגונג פון נײַע טערמינעס פאַר אַלטע באַגריפן, צוליב דער נײַער פונקציע פון די זאַכן און באַגריפן, קען זייער פיל געבן די געשיכטע־פאָרשער.

נײַע ווערטער, וואָס זײַנען אַרײַנגעדרונגען צוזאַמען מיט די נײַע זאַכן און באַגריפן, זײַנען, ווי באַרווסט, פאַראַן אָן אַ שיר, ווי קאַרטאָפל, בולבע, סטאָליער, צעסלער, פליטניק, הרובע, קוימען, זופּעצע א.א.וו. א.וו.

שווערער אָבער, ווי געזאָגט, איז צו ווײַזן די געזעצמעסיקע ארײַנדרינגונג און אײַנבירגערונג פון ווערטער פאר אלטע גרונט־באגריפן, צוליב זייער נײַעם פונקציאָנעלן באטײַט. אָבער אויך דאָ הערשט א געזעצמעסיקײַט. סטאם אין דער וועלט ארײַן ווערן קיין אלטע ווערטער ניט פארביטן אף נײַע.

מיר וועלן עס איליוסטרירן מיט אייניקע פאקטן.

דאָס וואָרט „פאסטעכ" האָט ארויסגעשטויסן דאָס וואָרט „הירט". דאָס איז דערפאר, ווײַל „הירט" האָט פארצייכנט דעם ביבלישן הירט און זײַן הויפט־באטײַט איז געווען א מעטאפאָרישער „א פירער פון א געמיינדע". „פאסטעכ" איז אָבער ארײַנגעדרונגען ווי א טערמין, וואָס באצייכנט א לעבעדיקן. קאָנקרעטן פראָפעסיאָנאל. האָט „פאסטעכ" שפעטער אויכ איבערגענומען די מעטאפאָרישע פונקציע „פירער" (אין רעליגיעזן זין). דער טערמין „פלייצע" איז ווארשײַנלעכ לעכאטכילע ארײַנגעדרונגען צו פארצייכענען א טייל פון א בעגעד, ווײַל איך שרײַבן באגעגנט ער זיכ נאָר מיט דעם דאָזיקן באטײַט. אזוי, צ. ב., איז אין „שו"ת „משאת בנימין" (1572—1525) געזאָגט:

„הראק אינו נמצא אלא במדינה זו במלכות פוילן. גם דרכו ללבוש אפילו בשבתו בביתו ולפעמים רגילין לינפור א פליצה, מעורות שועלים או שאר עורות חיות ובהמת וקורין אותו שוב, כדי לחמה את הגוף ולהנצל מן הקור".

שפעטער האָט דאָס וואָרט פלייצע גענומען באטײַטן אויכ א טייל פון גוף. דאָס וואָרט „באלעגאָלע" איז אופגעקומען פאראלעל צו „פורמאַן" (אין די אלטע דענקמעלער ווערט באנוצט אויסשליסלעכ פורמאַן), ווײַל דער יידישער טיפ באלעגאָלע איז אופגעקומען אין די סלאַווישע לענדער, א ניט־יידישער פראָפעסיאָנאל איז אויכ אין די סלאווישע לענדער באצייכנט געווען מיטן טערמין „פורמאַן", אָבער ניט „באלעגאָלע".

אינעם ליטווישן יידיש זײַנען פאראן צוויי טערמינעס „קענדל" (פארקלענערונג פון „קאַן") און קוואָרט (סלאוויש) פארן זעלביקן באגריף. „קוואָרט" איז אָבער לעכאטכילע ארײַנגעדרונגען, ווי א מאָס פון פליסיקײַטן, „חצי טאָפּ און קוורט" (האַרקער פינקעס, 1687). שפעטער האָט „קוואָרט" גענומען אויספילן אויכ די פונקציע פון „קענדל", איז עס געוואָרן א סינאָנים צו קענדל. לעכאטכילע אָבער זײַנען זיי קיין סינאָנימען ניט געווען.

אן ענלעכע פונקציאָנעלע פארוואנדלונג האָבן דורכגעמאכט די ווערטער „טאָפּ"— פריער א מאָס (טאָפּ בראנפן), שפעטער אויכ א קיילע צום קאָכן. אויכ „מעדניצע"— לעכאטכילע א מאָס פאר האָניק (פינקעס פון ליטע), שפעטער—נאָכ א קיילע צו פרעגלען, קאָכן.

מיר האָבן אסאכ פאקטן, וו די פארשיידענע פונקציע פון „זאכן" ווערט באצייכנט מיט פארשיידענע טערמינעס, ווי צ. ב.: „גרויפן" אלס פראָדוקט ביכלאל, אָדער האנדלס־ארטיקל און „קרופניק" אלס געקעכטס פון גרויפן. „גריקע" און „הרעטשנע מעל" (יוסעפ פערל) אָדער „רעטשקע מעל", אָדער „רעטשיסניק" (ליטע)—א געבעקס פון רעטשקע מעל, „קאָרן", אָדער „ראָזעווע ברויט" (ליטע) א.א.וו.

אין די אלטע יידישע דענקמעלער ווערן, צ. ב., אסאכ סעמיטיזמען נאָכ באנוצט מיט זייער אָריגינעלן (העברייִש־אראמייִשן) באטײַט און זיי קאָנקורירן אין

דער שריפט־שפראך מיט די אלטע טערמינעס, ניט אריַינטראָגנדיק קיין שום ניואנס, צ. ב. „יאד"—האנט. „רק איינ פוס איז אָפּגעהאקט גמ איינ יד" (שו"ת מרדכי זוסקינד רוטנבערג 1683)׳ אָדער „בענ" מיטנ גרונט־באטיַיט „זונ", מיימעסנ, טויטנ א.א.וו.

זיי זיַינען מיסטאָמע לעכאטכילע אינ דער רייד־שפראך פונ די מאסנ ניט באנוצט געוואָרנ. שפּעטער אָבער באקומענ זיי א ניואנס און בירגערנ זיך איַינ, ווי זונ און בענ, הענט און יאָדאיִמ, מיימעסנ (שטארק צעשלאָגנ) און טויטנ א.א.וו.

אינ דער זעלביקער ציַיט לאָזט זיך באוויַיזנ אפּ באשטימטע פאקטנ, פארוואָס געוויסע טערמינעס האָבנ זיך ניט איַינגעבירגערט אינ דער פאָלקס־שפראך.

פאקטנ פונ סעמיטיזמענ, וואָס האָבנ קיינע ניואנסנ ניט אריַינגעבראכט, זיַינענ באוווסט אָנ א שיר, ווי שנה—יאָר, יומ—טאָג, עיר—שטאָט, מקומ—אָרט, יהודי—ייִד, א.א.וו. (אינ דער געמישטער שריפט־שפראך פונ געוויסע שיכטנ ווערנ זיי קעסיידער באנוצט, עמעס, אָפּט פאראלעל מיט די ניט־סעמיטיזמענ).

עס האָבנ זיך אָפּט ניט איַינגעבירגערט טערמינעס אינ דער פאָלקס־שפראך צוליב זייער לאָקאלנ באטיַיט. אזוי, צ.ב., איז גענוצט געוואָרנ (לויט די דאָקומענטנ) אינ פארשיידענע ערטער דאָס וואָרט „גאָראָד", וואָס איז אינ דער אלגעמיינער פאָלקס־שפראך ניט איַינגעבירגערט. דאָס איז דערפאר, וויַיל „גאָראָד" איז באנוצט געוואָרנ נאָר מיט א לאָקאלנ באטיַיט. עס האָט באטיַיט ניט שטאָט ביכלאל. פאר דעם האָט געגאָלטנ דאָס איַינגעוואָרצלטע וואָרט „שטאָט". „גאָראָד" האָט באטיַיט א באשטימטע שטאָט, דעם נאָענטנ מעלוכישנ אדמיניסטראטיווג צענטער, און פאר יעדער ייִשעוו האָט עס באטיַיט עפּעס אנדערש.

מיט דעם דאָזיקנ לאָקאלנ באטיַיט טרעפנ מיר, צ. ב., דאָס וואָרט „גאָראָד" אינ „פינקעס ליטע" „בכל הקהילות לא ילך שום יחיד למצבר או לגראָד מקום משפט שלהמ". „גאָראָד" באטיַיט דאָ א קאָנקרעטע שטאָט, ווו דער פוילישער געריכט געפינט זיך. דעם זעלביקנ לאָקאלנ באטיַיט האָט „גאָראָד" אויך בא אקסנפעלדנ („דער ערשטער ייִדישער רעקרוט") און אויך בא אנדערע.

ס'איז דעריבער פארשטענדלעך, אז דאָס וואָרט „שטאָט", וואָס האָט באצייכנט דעם אלגעמיינעמ באגריפ, און איז אזוי פארשטאנענ און באנוצט געוועג דורכנ גאנצנ קאָלעקטיוו אינ פארשיידענע דיאלעקטישע סוויוועס, איז פארבליבנ אינ דער שפראך אויך פארנ באגריפ „אדמיניסטראטיווער צענטער", וואָס געפינט זיך אינ שטאָט.

די זעלבע דערשיַינונג איז מיטנ וואָרט „טאָוואר". אינ פארשיידענע געגנטנ האָט עס אנ אנדער באטיַיט, אָפּהענגיק פונ דעם, וואָס פאר א פּראָדוקט עס איז דאָ אויסגעארבעט געוואָרנ פארנ אינערלעכנ און אויסערלעכנ מארק. אינ די געגנטנ באם טיַיך „ווילִיע" (אינ ליטע), ווו עס איז טראנספּאָרטירט געוואָרנ האָלצ, האָט „טאָוואר" באטיַיט אָפּגעקליבענע גרויסע קלעצער (טאָוואר, טאָווארנע קלעצער). אינ אנדערע געגנטנ (אינ פינסק, צ. ב.) באטיַיט „טאָוואר" אויך „גוטע גרויסע הערנערפי", וויַיל דאָרטנ איז אָנגעגאנגענ א האנדל מיט פּי. האָט זיך דעריבער איַינגעבירגערט אינ דער שפראך „סכוירע", וואָס האָט באצייכנט פונ לאנג אָנ דעם אלגעמיינעמ און פאר אלעמענ פארשטענדלעכנ באגריפ.

דאָס זעלבע איז מיט „פאָלק“ און „נאראָד“. „פאָלק“ איז פון לאַנג אָן דער אַלגעמיינער באַגריף. „נאראָד“ אָבער איז באַנוצט געוואָרן מיטן באַטײַט „פאָלקסמאַסן“. איז פאַרבליבן „פאָלק“ סײַ פאַרן אַלגעמיינעם באַגריף „פעלקערשאַפט“, סײַ פאַרן באַגריף „פאָלקס־מאַסע“, ווײַל די ביידע באַגריפן לאָזן זיך פאַנאַנדערטיילן.

מע מוז צו יעדער פאַקט צוגיין קאָנקרעט־היסטאָריש, ווײַל דאָס איז אָפּהענגיק פון די נאָרמעס און דעם צוזאַמענהאַנג פון די באַטײַטן מיטן ווירטשאַפטלעך־געזעלשאַפטלעכן לעבן און מיט די לעבנס־פאָדערונגען, וואָס בײַטן זיך געזעצמעסיק אַף פאַרשיידענע שטופעס פון דער סטאַדיאַלער אַנטוויקלונג“ (מאַר, „אויסדערוויילטע ווערק“, ב. 3, 1934 י., ז. 66).

די דאָזיקע דערשײַנונג—די לאָקאַלע און אַלגעמיינע באַטײַטלעכקײַט פון וואָרט איז באַזונדערס וויכטיק באַם פעסטשטעלן די געזעצמעסיקע אײַנבירגערונג פון טערמינעס אין דער פאָלקס־שפּראַך.

ס'איז איבעריק צו דערווײַזן, אַז אין יעדער דיאַלעקט זײַנען געשאַפן געוואָרן (און ווערן געשאַפן) זייער אַסאַך טערמינעס, וואָס זײַנען פאַר די אַנדערע דיאַלעקטן ניט פאַרשטענדלעך. אַסאַך ווערטער קומען אוף אין פאַרשיידענע דיאַלעקטן מיט לאָקאַלע באַטײַטן צו די עקזיסטירנדיקע ווערטער־טרעגער פון די אַלגעמיינע באַגריפן. אין אַזעלכע פאַלן זעצן זיך אָפּ אין דער אַלגעמיינער פאָלקס־שפּראַך די טערמינעס, וואָס זײַנען טרעגער פון די אַלגעמיינע אונטערדיאַלעקטישע באַגריפן.

דאָס איז שײַעך ניט נאָר צו אַלטע ווערטער, נאָר אויך צו נײַע אַרײַנגעדרונגענע פון אַנדערע שפּראַכן. אַזוי, צ. ב., זײַנען זייער אַסאַך סלאַוויזמען אײַנגעבירגערט גלײַכצײַטיק אין אַלע דיאַלעקטן. די סיבעס קענען דאָ זײַן פאַרשיידענע: פאַראַלעלע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָצעסן, וואָס באַדינגען פאַראַלעלע „אַנטלײַונגען“. אויך מאַסן־איבערוואַנדערונג פון איין געגנט אין צווייטן, נאָענטער דויערנדיקער פאַרקער, ליטעראַרישע ווירקונגען א. אַנד. א גרויסער טייל (עפּשער דער גרעסטער) סלאַוויזמען, וואָס זײַנען פיקסירט באַ די גאַליציש־אוקראַינישע מאַסקילים, זײַנען אויך אײַנגעבירגערט, צ. ב., אין ליטווישן דיאַלעקט, ווי וועצערע, קרעטשמע, אָרענדאַר, פּוסטע, הולטײַ, סטאַדע, האָרעוואַניע, וויגאָדע, פּריקרע, זערעבציק, בורעקעס, זאַלעווען, פּראַצע, כמאַרע, דאַקוטשען, קעשענע, סטעליע, פּאַוואָלי א.א.וו. א.וו.

אין דער זעלביקער צײַט זײַנען אָבער פאַראַן באַ די מאַסקילישע שרײַבער סלאַוויזמען, וואָס טראָגן א לאָקאַלן כאַראַקטער, ווי שוויפּטשעס (ליירקגייער), טילקע (נאַר), זאַריץ (שוין), אָביאַד (גרויסער עסן), טאָרגאָוויצע (פערד־מאַרק), פּאַסטאַווצעס (טאַצן) א.א.וו., וואָס זײַנען טאַקע אינעם פאָנד פון דער אַלגעמיינער פאָלקס־שפּראַך ניט אַרײַן.

וועגן דער אײַנבירגערונג פון טערמינעס איז קעדײַ צו ברענגען נאָך איין בולטן פאַקט. אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור אַף ייִדיש (סאָף 19 י. ה.) איז די ערשטע צײַט באַנוצט געוואָרן דער דײַטשישער טערמין „גענאָסע“. ער האָט זיך אָבער לאַנג ניט געהאַלטן און אײַנגעבירגערט אין דער שפּראַך האָט זיך „כאַווער“. דאָס איז פאָרגעקומען ניט דערפאַר, ווײַל „כאַווער“ איז אַן אַלט־אײַנגעבירגערט

זיאָרט אינ ייִדיש צו פאַרצייכענענ א מיטגליד פונ א וואָסער ניט איז קאָלעקטיוו. ניט ווייניקער זײַנענ געווענ אײַנגעוואָרצלט „אסיפע“, „דראָשע“, „כעווּרע“ א.א.וו., וואָס זײַנענ אינ נײַעמ פּאָליטישנ לעקסיקאָנ פונ ייִדיש ניט אַרײַנ. עס האָט זיכ אײַנגעבירגערט „כאַווער“ מיטנ באַטײַט „קלאַסנ־מיטגליד“, אָנשטאָט „גענאָסע“, אָנ צווייפל דערפאַר, ווײַל „כאַווער“ האָט געהאַט היסטאָרישע וואָרצלענ אינ דער סוויווע פונ האַרעפּאַשניקעס, בא די ברייטע מאַסנ באַלמעלאָכעס.

„כאַווער“ איז אײַנגעוואָרצלט געווענ מיטנ באַטײַט „מיטגליד פונ באַלמעלאָכישנ צעכ“. אונ האָט זיכ בא די הערשנדיקע קאָהאָלשע פירער גערעכנט פאַר א נידעריקע באַשעפעניש. א באַלמעלאָכע פלעגנ די קאָהאָל־לײַט ניט באַטיטלענ מיט „מוירײנו“, נאָר מיט „כאַווער“. די כאַווײרימ פונ די באַלמעלאָכישע צעכנ האָבנ געמײנזאַמ געאַרבעט, געליטנ אונטערנ יאָכ פונ דער קעהילע, געמײנזאַמ אויסגעדריקט זײער פּראָטעסט אונ געקעמפט מיט דער קעהילע, איז נאַטירלעכ, אז דער טערמינ, וואָס האָט פאַרצייכנט כאַווער לויט דער פּראָפעסיע, האָט אויכ גענומענ פאַרצייכענענ דעמ כאַווער פונ קלאַס. דאָס איז געווענ היסטאָריש געזעצמעסיק. אנדערש איז אָבער געווענ די לאַגע מיט אַזעלכע ווערטער, ווי דראָשע, אסיפע א.ד.גל.

אינ 19־טנ י. ה., באַזונדערס אינ דער צווייטער העלפט פונ 19־טנ י. ה., פירנ די מאַסנ א קאַמפּ פאַר אַרויסבאַפרײַענ זיכ פונ דער מיטלאַלטערלעכער גווירישראַבאָנישער קעהילע. די מאַסנ זאַפּנ אײַנ נײַע וועלטלעכע באַגריפנ (קולטור, וויסנשאַפט, פּאָליטיק א.א.וו.). עס וואַקסט קעסיידער דער קלאַסנ־באַוווּסטזײַנ פונ די אַרבעטער־מאַסנ. דאָס אַלץ דערנעענטערט אַלץ מער די אַרבעטנדיקע מאַסנ צומ אינטערנאַציאָנאַלנ קוואַל, וואָס שטאַמט דורכ די סלאַווישע (רוסישע, פּוילישע, אוקראַיִנישע, ווײַסרוסישע שפּראַכנ) אונ דײַטשישער שפּראַכנ. צוזאַמענ מיט די נײַע באַגריפנ דרינגענ אַרײַנ אינ דער שפּראַכ מאַסנווײַז אינטערנאַציאָנאַליזמענ, נײַע סלאַוויזמענ אונ גערמאַניזמענ. דער סעמיטישער קוואַל ווערט פאַר די מאַסנ אַלץ פרעמדער. איז קלאָר דעריבער, אז די געטאָ־טערמינאָלאָגיע פונ דער קעהילע־אָרגאַניזאַציע האָט שוינ אַפ דעמ היסטאָרישנ עטאַפּ אַלס קלאַל ניט געקענט אָנגײנ. דער דראַנג פונ די מאַסנ אָפּצושטויסנ זיכ פונעמ אַלטנ וועלט־באַנעמ האָט געמוזט געפינענ זײַנ אָפּשפּיגלונג אינ דער שפּראַכ. „אסיפע“ אונ „פאַרזאַמלונג“, צ. ב., שטעלנ ניט פאָר מיט זיכ קײנ ניואַנסנ פונ אײנ גרונט־באַטײַט, נאָר צוויי קעגנזעצלעכע באַגריפנ וועגנ צוויי פאַרשײדענע לעבנס־באַנעמונגענ, וועגנ צוויי קעגנקעמפנדיקע וועלטנ.

דער פרווו מיט גוואַלד אָנצובינדנ די מאַסנ די אַלטע טערמינאָלאָגיע איז שוינ צו זענ אינ „קול מבשר“ (1862—1872). אַזוי, צ. ב., לײענענ מיר:

„אינ בערלינ אַרבעטנ די איבעריקע מיניסטערס ווײַטער אונ מע זאָגט, אז זיי גרייטנ אָנ נײַע שײַלעס פאָרצולייגנ דעמ לאַנטאָג“ (1863, נ. 24). „דער קאָנגרעס פונ יויאַצימ אינ וואַשינגטאָנ“ (1862, נ. 1).

„ערשט ניט לאַנג האָט די פראַנצויזישע קייסערנ געמאַכט א נײַע כעווּרע“ (1862, נ. 1). „אָדער אפילע, אז עמיצ פונ זײַנע קרויווימ זאָל קומענ אַפ זײַנ טראָנ בעטוירעס יערושע“ (1862) א.א.וו.

באַזונדערס האָבנ דעמ דאָזיקנ מיטל גענומענ אויסנוצנ די אידעאָלאָגנ פונ די

קליינבירגערלעכע פארטייען („בונד“, „עסעס“, „פעצע“ א. אנד.), קעדיי ארָאפּצופירן די רעוואָליוציאָנערע ארבעטערשאפט פון דעם אינטערנאציאָנאלן קלאסן־קאמף.

אין זייערע אָפיציעלע דאָקומענטן האָבן זיי גענוצט אזעלכע טערמינעס, ווי: „סאָציאלע הייפוכים“ אָנשטאָט „סאָציאלע קעגנזאצן“; „פּראָלעטארישע אכדעס“ אַנשטאָט „פּראָלעטארישע איינהײַט“, „קלאסן־סיכסוכים“, „פאָלקס־שילוכים“, „נאציאָנאלע שײַלע“ א.א.וו. [1]). און וואָס נעענטער צו אונדזער צײַט, ווערט די דאָזיקע שפּראך־פּאָליטיק פון די נאציאָנאליסטישע פארטייען אלץ מער אויסגעשפּראָכן.

* * *

ייִדיש איז צוליב היסטאָרישע סיבעס אופגעקומען אף דער באזע פון דרײַ שפּראכלעכע גרופּעס.

אף א ווײַטערדיקן היסטאָרישן עטאפּ אָבער איז דער סעמיטישער קוואל אלץ מער אָפּגעגאנגען אָנאזײַט און איז אופגעהאלטן געוואָרן (און ווערט אונטערגע־האלטן) דורך די נאציאָנאליסטן באוווסטזיניק, קינסטלעך, צוליב זייערע אויסגעשפּראָכענע בורזשואז־פּאָליטישע צילן.

דער היסטאָרישער אנטוויקלונגס־גאנג פונעם ייִדישן פאָלק האָט געעפנט פאר דער אנטוויקלונג פון ייִדיש אינעם 19־טן י. ה. דעם אינטערנאציאָנאלן קוואל. אף יעדער נײַעם היסטאָרישן עטאפּ האָט זיך אף נײַע יִעסוידעס פאנאנדערגעעפנט דער קוואל פון די סלאווישע שפּראכן, וואָס איז אן אויסדרוק פון הונדערטער יאָריקן צוזאמענלעבן פונעם ייִדישן מיטן אוקראַיִנישן, ווײַסרוסישן, רוסישן א א וו. פעל־קער. ייִדיש האָט זיך אף די שפּעטערדיקע עטאפּן (19 י. ה.) אויך אף א געזעצמע־סיקן אופן געשפּײַזט מיט דער נײַ־דײַטשישער שפּראך. די באזע פון ייִדיש איז גוואלדיק אויסגעוואקסן. זי האָט געגעבן און גיט אינעם סאָוועטישן פעריאָד א מעג־לעכקײַט איבערצופורעמען אין דער נאציאָנאלער פאָרם די גאנצע רײַכקײַט פון באַ־גריפן, וואָס די אָקטיאבער־רעוואָליוציע און די סאָציאליסטישע בויונג האָט ארויס־גערופן און רופט טאָג־טעגלעך ארויס צום לעבן.

די באזע פון ייִדיש מיינט אויך נאטירלעך די אײַנגעוואָרצלטע סעמיטיזמען. אָבער קיין לעבעדיקער קוואל אף ווײַטער צו בארײַכערן די שפּראך קענען די סע־מיטישע שפּראכן הײַנט ניט זײַן. דאגעגן אָבער די סלאווישע שפּראכן, אין דער ערשטער ריי די פירנדיקע שפּראך פון דער רעוואָליוציע—רוסיש, וואָס איז הײַנט דער קוואל פון אינטערנאציאָנאליזמען פאר אלע שפּראכן פון גאָרער וועלט, זײַנען א לעבעדיקער ריזלדיקער קוואל פאר דער ווײַטערדיקער בארײַכערונג פון ייִדיש.

---

[1]) זע ה. שקליאר „די אנטוויקלונג פון דער רעוואָליוציאָנערער לעקסיק“ אין „אפן וויסנשאפטלעכן פראָנט“. מינסק. 1935.

א. בראזער

# יעהודע פענ

דעמ מערדערס האנט האָט איבערגעריסנ דאָס לעבנ פונ איינעמ פונ די עלטסטע אונ טאלאנטפולע קינסטלער פונ אונדזער אָרדענטרעגערישער ווײַסרוסלאנד.

דער לעבנס־וועג פונ יעהודע מאָיסייעוויטש ביז דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע איז געווענ א שווערער אונ א דאָרנדיקער. יו. מ. איז געבוירנ געוואָרנ אינ 1856 י. אינ אנ אָרעמער ייִדישער פאמיליע אינ קאָוונער גובערניע. ער מאכט דורכ דעמ וועג פונ א „מאליאר־געזעל, וואָס ווערט שווער עקספלואטירט. ערשט אינ 1885 געלינגט אימ אָנצוקומענ אינ דער פעטערבורגער קונסט־אקאדעמיע. אינ 1897 י. באזעצט זיכ פענ אינ וויטעבסק, וועלכע ער פארלאָזט שוינ ניט זײַנ גאנצ לעבנ.

יעהודע פענ איז געווענ א ווירקלעכער האָרעפאשניק פונ דער קונסט. ער האָט ליב געהאט דאָס לעבנ, ער האָט ליב געהאט די קונסט, ער האָט אייפערזיכטיק ליב געהאט זײַנ ארבעט. אינ יעצטוירער צײַט האָט איר געקענט טרעפנ פענענ, זיצנדיק בא דער ארבעט מיט דער פאליטרע אינ האנט. ווענ א גרופע קינסטלער האָט אופ־געהויבנ די פראגע וועגנ פײַערנ זײַנ יובילײ, האָט יו. מ. פענ אינ איינעמ פונ זײַנע בריוו אינ 1926 יאָר געשריבנ פאָלגנדיקעס: „דער ווירקלעכער יאָנטעוו פאר מיר—דאָס איז מײַנ ארבעט, מײַנ פראצע".

ניט אומזיסט געפינענ מיר בא פענענ אזויפיל ארבעטנ. זײַנ קינסטלערישער באַ־לאנס איז 800 לײַוונטנ, וואָס זײַנענ געבויט אפ א „פארשיידנארטיקער טעמאטיק, כאפנ ארומ פארשיידענע זײַטנ פונ לעבנ.

יו. מ. האָט זיכ אויסגעצייכנט מיט א פעדאגאָגישנ קינסטלער־טאלאנט. נאָכ ביז דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע שאפט ער די איינציקע אינ ווײַסרוסלאנד קונסט־שול אינ וויטעבסק, ווו ער כאָוועט קינסטלער־קאדרענ. אימ האָט שטענדיק אינטערעסירט טאלאנטירטע יוגנט, וועלכע ער האָט אינ משעכ פונ זײַנ גאנצנ לעבנ אָפגעגעבנ פיל ענערגיע, צײַט אונ וויסנ. אימ האָט קיינמאָל ניט אינטערעסירט די באלוינונג פאר די לעקציעס. ער האָט געהאָלפנ זײַנע שילער זייער אָפט מאטעריעל. פיל שילער זײַנע זײַנענ שפעטער געוואָרנ גרויסע קינסטלער—שאגאל, מעשטשאנינאָוו, שולמאנ אונ אַנדערע. שולמאנ האָט אָפגעלעבט בא אימ קימאט צוויי יאָר אפ אלעמ פארטיקנ.

אָט וואָס יו. מ. פענ האָט מיר דערציילט וועגנ שולמאנענ: שולמאנ איז געווענ א מאליער. איינמאָל האָט ער באמערקט אָט דעמ באָכערל בא זײַנע באקאנטע, ווו

ער האָט געפּארבט די דילן. י. מ. האָט געוווּנדערט אַז אים זײַנע אופמערקזאַמקײַט, דערבײַ האָט ער זיך דערמאָנט וועגן זײַנע אייגענע יוגנט־יאָרן, ווען אים איז אויס־געקומען אויך אזוי זיך מאטערן בא פארשיידענע באלעבאטים—מאליארעס. י. מ. האָט פאָרגעלייגט שולמאנען אפּ מאָרגן צו אים ארײַנקומען. ער האָט אים געגעבן אָנ־מאָלן עפּעס פון דער נאטור. שולמאנס געמעל איז פּענען זייער געפעלן געוואָרן און ער האָט אים אײַנגעאָרדנט בא זיך אפּ שטענדיק. אָט אזוי האָט ער שולמאנען גע־בראכט צו לײַטן. איצט איז שולמאן א פּראָפעסאָר אין איינער פון די שטעט פון די פאראייניקטע שטאטן פון אמעריקע.

ווען פּען האָט זיך געלערנט אין פּעטערבורג איז ער פיל מאָל געגאנגען אין ערמיטאזש קאָפּירן רעמבראנדטן, וועלכן ער האָט ליב געהאט מער פון אנדערע



י. מ. פּען. 1905 י.

קינסטלער. איינמאָל האָט פּען קאָפּירט א פּאָרטרעט פון רעמבראנדטס אן ארבעט. צוזאמען מיט אים האָט געארבעט אויך סעראָוו. סעראָוון איז זייער געפעלן געוואָרן די קאָפּיע, וועלכע י. מ. האָט געמאכט. סעראָוו האָט געפרעגט בא פּענען א מיינונג וועגן זײַן ארבעט. פּען האָט אים געענטפערט: אז דער קאָלאָריט איז ניט ריכטיק גענומען. אפּ דעם האָט סעראָוו געענטפערט פּענען: „מיר לערנען זיך". י. מ. האָט לאנג געדענקט דעם ענטפער און האָט אָפט דערמאָנט וועגן דעם דאָזיקן עפּיזאָד.

ווען דער באוווּסטער קינסטלער רעפּין איז געווען אין וויטעבסק, איז ער געקו־מען צו פּענען. רעפּין האָט זייער וואַרעם זיך אָפּגערופן וועגן אים אין פּענס בוך פון אָפּרופן. זײַן ווארשטאט האָט אויך באזוכט דער בארימטער פּייזאַזשיסט א. קלעווער, וועלכער האָט זיך אויך גוט אָפּגערופן וועגן פּענס ארבעטן.

פענס קונסט־בילדער שילדערנ איבערהויפט די שווערע פארגאנגענהײַט פונ די פאָלקס־מאסנ אינ צארישנ רוסלאנד, ער האָט געשאפנ פיל אויסגעצייכנטע בילדער פונעמ לעבנ פונ דער יידישער אָרעמקײַט, ער האָט זיכ אָפט געווענדעט צו מאָלנ דאָס ארבעטער־לעבנ. באמ שאפנ א וועלכנ ס'איז בילד האָט פענ גרינטלעכ שטודירט דאָס לעבנ. אזוי איז געווענ מיטנ בילד זײַנעמ „דער געט". ווי פענ האָט אליינ איבערגעגעבנ, האָט ער דאָס בילד געשריבנ אינ מעשעכ פונ 10 יאָר. איכ, פערזענלעכ, האָב געזענ 6—7 עסקיזנ צומ „געט". דאָס בילד שילדערט די לײַדנ פונ א יונגער פרוי, וועלכע האָט כאסענע געהאט פאר א קלויזניק און ער איז זי ניט בעקויעכ צו אויסהאלטנ.

אינעמ גאנצנ שאפנ פונעמ קינסטלער גײט דורכ ווי א רויטער פאָדעמ די מיטלײַד און ליבע צומ מענטשנ, באזונדערס צו אָרעמע. אינעמ בילד „אנ אָרעמאנ" איז געשילדערט א ניקאָלאַיִשער יידישער סאָלדאט, וועלכער האָט אָפגעדינט 25 יאָר אינ דער רוסישער ארמיי. פענ ווײַזט אינעמ בילד ניט בלויז די שווערע קאטאָרגע־דינסט פונ דער רעקרוטנ־עפאָכע. דאָס בילד איז דורכגעדרונגענ מיט א טיפנ פראָטעסט קעגנ דער נאציאָנאלער אונטערדריקונג. דאָס איז אויסגעדריקט אינעמ בילד דורכ אנ אייגנארטיקער איראָניע: דער אָרעמאנ איז בא פענענ איינער פונ די „גליקלעכע" יידנ, וואָס האָט רעכט געהאט בעטנ א נעדאָווע...

פונ די אנדערע בילדער פונעמ קינסטלער, וואָס געהערנ צומ פאר־רעוואָליוציאָנערנ פעריאָד, איז קעדײַ צו דערמאָנענ „א בריוו פונ אמעריקע", „אינ טורמע", „1905 יאָר".

א באזונדערע פרוכטבארקײַט אינ פענס קינסטלערישנ שאפנ באמערקנ מיר אינעמ פעריאָד פונ נאָכ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. ער שאפט זײַנ סעריע אויסגעצייכנטע פאָרטרעטנ, ווי „בעטכאָווענ" (1925 י.), „דער שאדכנ" (1926 י.), „א מוזיקאנט" (1926 י.), „א שנײַדער" (1926 י.), „א נייטערקע" (1927 י.), „א ברויט־בעקער" (1928 י.), „א קאָראָבייניק" (1928 י.), „א פיאָנער" (1928 י.), „א שמיד־צעכ" (1930 י.).

און ענדלעכ דארפ מענ דערמאָנענ די מערקווירדיקע קינסטלערישע ווערק פונעמ קינסטלער, וואָס ווײַזנ זײַנ ענגע פארבינדונג מיט דער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט. ער שאפט די פאָרטרעטנ „מארקס", „לענינ", „א קאָמיוגיסט" א. אנד.

פענס בעסטע עטיודנ זײַנענ אָנגעשריבנ אפ קארטאָנ, אפ פאפיר. מיט דער אייגנטימלעכער אימ באשיידנקײַט האָט פענ ניט אײַנגערעכנט פיל פונ זײַנע ווערק אלס קונסט־ווערק. פענס עטיודנ זײַנענ אָבער ווערטפול אינ געביט פונ מאָלערײַ. זיי זײַנענ זאפטיקע, לעבעדיק אָנגעשריבנ און זייער אינהאלטספולע.

בײַס מײַנ זײַנ בא פענענ מיט א וואָכנ צוויי פאר זײַנ טויט האָב איכ געזענ די דאָזיקע מערקווירדיקע עטיודנ, ס'איז שווער זיכ אָפרײַסנ פונ זיי, אפ אזויפיל זײַנענ זיי מײַסטעריש געמאכט. זומערצײַט פלעגט פענ בלאָנדזשענ אונטערנ שטאָט און שטענדיק פלעגט ער זיכ אומקערנ מיט אנ עטיוד — „מיט געיעג", ווי ער פלעגט זאָגנ. ער פלעגט אויכ בלאָנדזשענ איבער די מערק, ווו ער האָט געזוכט א טיפאזש פאר זײַנע בילדער. פענ האָט ליב געהאט שמועסנ מיט זײַנע פערסאָנאזשנ, ער פלעגט זיי פאנאנדערפרעגנ וועגנ זייער לעבנ, קעדיי בעסער קענענ אויסדריקנ דעמ כאראקטער פונ דעמ אָדער יענעמ טיפ אינ זײַנ בילד.

אינ אלע בילדער, ווו ער האָט געמאָלט די פארשאָלטענע פארגאנגענהײַט, האָט פענ געוויזנ די מאטערנישנ אונ לײַדנ פונעמ אונטערדריקטנ פאָלק. אינ די דאָזיקע בילדער האָט פענ אויסגעדריקט א שטארקנ פראָטעסט קעגנ קאָהאָל, קעגנ די רײַכע, וועלכע ער האָט אָנגערופנ פרעסער, עקספּלואטאטערס.

ניט קוקנדיק אפ זײַנ טיפנ עלטער, האָט פענ זיכ אײַנגעשלאָסנ אינעמ נײַעמ לעבנ. די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט אינ אימ ארײַנגעאָטעמט נײַע קרעפטנ, ס'האָבנ זיכ געעפנט פאר אימ נײַע האָריזאָנטנ פונ שעפערישקײַט אונ איניציאַטיוו. יו. מ. פענ האָט געארבעט זייער אקטיוו, ער איז ניט אָפּגעשטאנענ פונעמ קאָכיקנ לעבנ



יו. מ. פענ.

דער זייגערמאכער.

פונ אונדזער לאנד. פענ איז אינ זײַנ שאפנ א רעאליסט. די פראָלעטא־רישע מאסע האָט ליב געהאט זײַנ ארבעט. אפ אלע אויסשטעלונגענ איז פענ געווענ זייער פאָפּולער, די צושויער פלעגנ זיכ זאמלענ ארומ זײַנע ארבעטנ אונ לאנג זיכ אײַנקוקנ אינ זיי. די קינסטלער־פראָפעסיאָנאלנ דערלערנענ זײַנע לײַוונטנ. די סאָוועטישע געזעלשאפטלעכקײַט, די פארטיי אונ רעגירונג האָט מיט גרויס ליבע זיכ באצויגנ צו פענענ. ער האָט באקומענ א געהעכערטע פענסיע.

דער וויטעבסקער שטאָטסאָוועט האָט זיכ שטארק געזאָרגט וועגנ אימ. פענ האָט פארשטאנענ צו אָפּשאצנ די דאָזיקע באציִונג. זײַנ הויז איז געווענ אָפֿנ פאר אלע

אַרבעטער פונ שטאָט וויטעבסק. באַטאָג אונ ביז שפּעט אינאָוונט איז מענ געגאַנגענ צו אים קוקנ זײַנע בילדער. אונ ער, ניט קוקנדיק אַפ זײַנ שוואַכנ געזונט, האָט מיט ליבע אַלעמענ דערקלערט דעם אינהאַלט פונ זײַנע בילדער, ער פלעגט געבנ די דערקלערונגענ מיט אַ באַזונדערנ הומאָר—אַזוי האָבנ וועגנ אים דערציילט די וויטעבסקער אַרבעטער.

מיט צוויי יאָר צוריק, ווענ ס׳איז געווענ אײַנגעאָרדנט די ווײַסרוסישע אויסשטעלונג אינ מאָסקווע, איז געווענ זייער פריידיק צו זענ, וויאַזוי די געזעלשאַפטלעכקײַט פונ מאָסקווע האָט אים באַגעגנט. אַפ דער אויסשטעלונג איז געווענ זייער אַ הויכע אָפּשאַצונג וועגנ זײַנ אַרבעט.

די קינסטלער פונ סאָוועטנווײַסרוסלאַנד דאַרפנ באַזונדערס זיכ לערנענ בײַ פּענענ, וועלכער איז געווענ שעפעריש אונ אַרבעטזאַמ ביז די לעצטע מינוטנ פונ זײַנ לעבנ.

זײַנ לעצטער ווונטש איז געווענ—איבערגעבנ זײַנ גאַנצע קינסטלערישע ירושע דער סאָוועטנ־רעגירונג.

דער בעסטער דענקמאָל פאַר י. מ. פּענ וועט זײַנ, ווענ אַלע זײַנע אַרבעטנ וועלנ זײַנ קאָנצענטרירט אונ אויסגעשטעלט אינ איינ אָרט, דאָס וועט געבנ די ברייטסטע פאָלקס־מאַסנ די מעגלעכקײַט צו באַקאָנענ זיכ מיט פּענס שאַפנ.

די סאָוועטנ-מעלוכע, די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע איז דער איינציקער מוסטער פונ אַ דעמאָקראַטישער אָרדענונג, וואָס שאַפט די מעגלעכקײַט פאַרנ פאַנאַנדערבלי פונ די קולטורנ—נאַציאָנאַלע לויט דער פאָרמ אונ סאָציאַליסטישע לויטנ אינהאַלט. מיר האָבנ לעצטנס געזענ, ווי די סאָוועטישע קינסטלער גייענ אַרויס די ערשטע אינ די אַלוועלטלעכע קאָנקורסנ אַפ די פאַרשיידענע געביטנ פונ דער קונסט, ווײַל נאָר אינעמ לאַנד, מיט וועלכנ עס פירט אָנ די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי אונ דער געניאַלער פירער דער כאַווער סטאַלינ, ווערט געשאַפנ די גרויסע סאָציאַליסטישע קולטור.

ה. בעריאָזקינ

# פאר דיכטערישער קאנקרעטקײַט

(וועגנ מ. הארצמאנס „גוטמאָרגנ, מײַנ לאנד“)

מיר לייענענ מ. הארצמאנס נײַעם לידער־בוכ „גוטמאָרגנ, מײַנ לאנד“. אינ אונדזער דיכטונג איז עס, דאכט זיכ, דער בוילעטסטער באווײַז דערצו, וויאַזוי דער פרווו צו באארבעטנ די הײַנטצײַטיקע טעמע, אויסנוצנדיק צוליב דעם אנ אופגעקומענעם אינ אנדערע אימשטענדנ פאָרמעלנ פארגעב, שליסט אײַנ דעם דיכטער אינ א פארקישעפטנ קרײַז פונ אלטע, אָפגעלעבטע שעפערישע קאנאָנעס. אונ אויב ס׳איז ריכטיק דער געדאנק, אז די פאָרמ איז אקטיוו בענעגייע דעם אינהאלט אונ איז פײַיק דעם דאָזיקנ אינהאלט צו באווירקנ, איז הארצמאנס ביכל, ווידעראמאָל, דער בעסטער בײַשפּיל דערצו.

אפנ ערשטנ קוק איז הארצמאנס דיכטונג פולשטענדיק פארורזאכט דורכ דער הײַנטצײַטיקײַט.

אונ דאָכ קענ די טעמאטישע אקטועלקײַט הארצמאנס ניט אָפּשוואכנ דעם אײַנדרוק פונ באשטימטער אָפּגעווײַטערטקײַט זײַנער פונעם רעאלנ טאָג אינ א ריי לידער. אימ פעלט אָפּט אויס די נייטיקע פאָעטיק פאר דער הײַנטצײַטיקײַט.

דער פרווו צו ארײַנטראָגנ אינ דער אייגענער דיכטונג א גרויסע ירושע אומטעטיקע דיכטערישע קאנאָנעס, אויסנוצנדיק זיי, ווײַזט אויס, ווי א קולטור-אײַרעס פונ פארבונדנקײַט מיט די אונטערגעגאנגענע דיכטערישע שולנ (סימוואָליזמ אונ אנד.), שטערט נאָכ הארצמאנענ צו ארױפלאָזנ זיכ „פונ דער שפראכ צומ לעבנ“. ער האָט נאָכ ניט באזיגט דעמ פּאַשעטנ עמעס, אז די אויסדריקפולקײַט פונ דער שעפעריש־רעאליזירטער טאָג־טעמע איז אָפּהענגיק פריִער פונ אלצ פונ דעם, אפ וויפל דער דיכטער וועט קענענ געפינענ די נייטיקע אָנווענדונג פונ די אויסדריק־מיטלענ אינ דער דיכטונג, אונ אז אינ דעם פאל קענ אוואדע ניט אָנגיינ קיינ ביכלדיקײַט. די הײַנטצײַטיקע גרויסע טעמע זעט פאָר גלײַכצײַטיק איר פראקטישע פארווירקלעכונג אינ דער דיכטונג אונ פאָדערט די מאקסימאלסטע אנטשפּרעכונג פונ אלע פאָרמעלע סטילקאָמפּאָנענטנ.

לייענט הארצמאנס „גוטמאָרגנ, מײַנ לאנד“. אינ אסאכ לידער פילסטו הארצמאנס ווּקס אונ זײַנ גויווער זײַנ די פריִערדיק־סימוואָלישע עלעמענטנ. באגלײַכ מיט דעם שאפט זיכ אנ אײַנדרוק, אז אומאָפּהענגיק פונ דער טעמע, אָפּערירט הארצמאנ אינ א ריי לידער מיט אָפּגעזעסענע געשטאלטלעכע קאָנטעקסטנ אונ הערט זיכ שוואכ צו צום קאָל פונ דער לעבעדיקער טעמע אינ די דאָזיקע לידער.

אָט איז א ליד אונטערן נאָמען „פרײַנטשאפט". מענטשלעכע פרײַנטשאפט, ווי א ברייטער לירישער געפיל, פארנעמט דאָס צענטראלסטע אָרט אין דער דיכטונג פון סאָציאליזם. הארצמאן אָבער האָט זיך אין דער לייזונג פון אָט דער טעמע אײַנ-גאנצן אבסטראגירט פון איר רעאל-שטייגערדיקן עפאָכע-קאָלאָריט. און פונדאנען— דער בלוטלאָזער געשטאלטלעכער אָרנאמענט פון דער ליד. באגלײַך מיט די „רויטע שלאכטן" און „ברידער-קוואָרים" טרעפן מיר דאָ אזוינע באפוצונגען פון ריין-ביכלדיקן אָפשטאם, ווי „זויבער-זילבער", „דוירעסדיקע פליושן", „וווּנדער-ברונעם" (אזוי ניט באשיידן מעטאפאָריזירט הארצמאן דעם קוואל פון זײַן אינערלעכער באגײַסטערונג) און—

איז פאר מיר געוואָרן יעדער שטערן מילדער,
און איך האָב געטרונקען פון זײַן זויבער-זילבער...

קלאָר, אז הארצמאן געפינט זיך דאָ אין א פרעמדער טערמינאלאָגישער ריי, וואָס האָט קיין שײַכעס ניט צום לירישן באגריף „סאָציאליסטישע פרײַנטשאפט".

אָט איז א ליד „פאראשיוטיסטקע", ווו דעם דיכטערס לעבעדיקער קאָל און דאָס געשטאלט פון דעם מיידל, וואָס איז געשפרונגען מיט א פאראשיוט, ווערן פארפלייצט דורך א כוואליע פון דורכויס-באדינגלעכער דיכטערישער אָרנאמענטיק. „שטערן-אליינע", „זוניקער טײַך", „די רונג פון דײַן לעבן", „דײַן קערפער—א לויטע-רער ווינט", „גליטשן זיך אף שטראלן". און וועגן דאָס מיידל:

דאָרט פליסטו, מײַן ליבע, מײַן פרילינג
מײַן אָדלער, מײַן וואָלקן, מײַן פרייד.

ס'איז ניט שווער צו געפינען בא הארצמאנען מוסטערן פון ניט אָרגאנישן בא-הערשן די „הויכע" טעמע, ווען דער קאָנקרעטער לירישער מאָטיוו ווערט אבסאָלוט ניט פארקניפט מיט איר, ווען די אידיי שווימט ארום אפן אויבערפלאך פון דער ליד, ווי א טראָפנדל אייל אפן אויבערפלאך פון א גלאָז וואסער. צ. ב., די ליד „שטערן-נעכט", ווו עטלעכע שורעס וועגן „אונדזער דאָר" טרעטן ארײַן אין שארפן ווידער-שפרוך מיט דער גאנצער בילדערישער פאקטור פון דער ליד, ווי שטענדיק א באדינג-לעכער און אבסטראקטער („די הויך פול מיט ב ל ו ט י ק ע  ר ו ב י נ ע ן איז באלויכט").

עס שאפט זיך אן אײַנדרוק, אז הארצמאנס לידער האָבן צוטאָן ניט מיט דער ווירקלעכקײַט אין איר ערשטאָנפאנגלעכן לעבעדיקן זײַן, נאָר מיט א ווײַטן אָפ-קלאנג פון איר. הארצמאנען האלט פעסט אין איר געפענקעניש די „באלאדישקײַט" פון דער טעמע, וואָס טראָגט אריבער די רעאלקײַט אין דער ספערע פון א באדינג-לעך-ראָמאנטישער וועלט. דעריבער שרײַבט הארצמאן וועגן זײַן דאָר, פונקט ווי ער וואָלט געשריבן וועגן א מיטלאלטערלעכן קרייץ-צוג:

רייען רוקן זיך מיט פאקלען איבער קעפ...

ס'איז פאראן א מיינונג, אז אין דעם באשטייט דער דיכטערישער אייגנארט הארצמאנס. אין אָט די „פאקלען איבער קעפ", אין דער ראָמאנטישער דערהויבנקײַט און פײַערלעכקײַט פון געמיט, אין דער אָפטער ווענדונג צו דעם סקולפטוריש-גע-פורעמטן וואָרט. אסאך דיכטער אונדזערע פארמאָגן די דאָזיקע פייִקײַט צו זען די וועלט גרענעצלאָז, ראָמאנטיש; זייער קער צו אייגנארטיקן דיכטערישן זשאנר פון

לויב־געזאַנג, פונ אָדע, אנטשפּרעכט אַלעמאָל דעמ דאָזיקנ אויפנ פונ אופאַסנ די וועלט. ס'איז פאַראַנ באַמ גרוזינישנ דיכטער טיציאַנ טאַבידזע א ליד „וועגנ די שוואַלב בויט די נעסט"—אַנ אָדע־אַרטיקע, פײַערלעכע ווענדונג צומ היימלאַנד, וואָס איז אַנאַלאָגיש צו האַרצמאַנס פאָלגנדיקע שורעס:

גוטמאָרגנ דיר, לאַנד, ס'האָט מיט פרילינג פאַרווייט.
א גוטמאָרגנ דיר, זונ צווישנ פורעמס!
גוטמאָרגנ אויך אײַך, האָריזאָנטנ פונ ווײַט,
גוטמאָרגנ אײַך, שטראָמענ אונ שטורעמס!

דער אונטערשייד צווישנ די דאָזיקע צוויי לידער איז אומגעהויער גרויס. באַ טאַבידזענ איז פאַראַנ א זעלטענע זעלבסטשפּאַר ש.טענדלעכע באַציִונג פונ א באַלעבאָס צו זײַנ סאָציאַליסטישער גרוזיע, א בלוטיק־נאָענטע באַציִונג, וואָס פאָדערט ניט קײַנ באַזונדער אָנשטרענגונג זי צו דערווײַזנ. דעריבער גייענ אַרײַנ מיט אַזאַ מינ נאַטירלעכקײַט אינ דער ליד דער פײַפ פונ פאַבריק, פּיאָנערנ, וואָס בויענ לײַוונטענע בײַדלעכ, די שוואַלב, וואָס בויט די נעסט אונ דויסאַרמייער אַפ די גרענעצנ... ברייט צעעפנטע אויגנ אַפ אַלצ מיטאַמאָל, פאַר וועלכע עס גייט אָבער ניט פאַרלאָרנ קײַנ מינדסטע דעטאַל,—אונ איבער דעמ אַלצ—אומענדלעכע ליבע צו דער נײַער גרוזיע. האַרצמאַנענ פעלט אויס די דאָזיקע נאַטירלעכקײַט אינ זײַנע באַציִונגענ מיט דער אַרומיקער ווירקלעכקײַט, דעריבער וואַרפט ער נאָר אַפ איר א שלייער פונ געפאַרבטע אַלעגאָריעס אונ נאַיִוו־איבערגעטריבענער בילדערישקײַט. דעריבער האָט ער צו טאָנ ניט מיט גרוזיע, ניט מיט אוקראַיִנע, ניט מיט ווײַסרוסלאַנד, נאָר מיט אַנ אַבסטראַקטנ, קימאַט קאָסמישנ היימלאַנד:

גוטמאָרגנ, דיר לאַנד, דו ביסט—ווי א שיפ,
מאָנומענטנ אונ טורעמס זיכ וויגנ,
אַזוי ווי באַלויכטענע מאַסטביימער טיפ,
וואָס שווימענ צו די מאַטעריקנ.
א גוטמאָרגנ דעמ סטעפּ אונ די טײַכנ, דעמ ברעג,
דעמ ברעג, וואָס דער טײַכ מוז אימ פאָלגנ,
א גוטמאָרגנ די בויענדיק־זוניקע שטעט,
רישטאָוואַניעס ביז צו די וואָלקנס.

באַגלײַכ מיט דעמ דאַרפ מענ מיט צופרידנקײַט אָפּצייכענענ אַזעלכע אויסגעצייכנטע לידער, ווי „מײַנ רעפּובליק"—א ליד, וואָס איז אָנגעזעטיקט מיט גרויסער עמאָציאָנעלער אופגערעגטקײַט, ווו ס'איז פאַראַנ א קאָנטרעטער, פולבלוטיק־אויסגעדריקטער היימלאַנד־מאָטיוו אונ א שפּיל אַפ רײַכער געשטאַלטלעכער אַסאָציאַציע.

אוקראַיִנע, דו האָסט געיאָגט
די העטמאַנס אַלע צו דער טליִע,
אינ האַפּנס האָבנ זיי פאַר שרעק געלאָזט
די פעטע פעסער מיט סקומבריע.
זיי האָבנ שטרויִ געלאָזט נאָר אַפ דײַנ סטעפּ,
נידעריק אונ קרומ פאַרשאָרנ,
ווי באַ דעמ אַרעסטאַנט דער גרויער קאָפּ.
ביסט הונגעריק געווענ, דו לאַנד פונ קאָרנ!

די ליד אינגאנצנ געהערט צו די בעסערע אינ בוכ, ווו די אײַנשטעלונג אפ הויכער פײַערלעכקײַט באקומט א באשטימטע געשטאלטלעכע מאָטיווירונג אונ איז ווירקלעכ אָרגאניש.

נאָכ הארצמאנס זאָרגלאָזנ ארומטראָגנ זיכ איבער די פעלדער פונ דיכטערישער אבסטראקציע, רוסטו אָפּ אפ אָט די ווירקלעכ־גוטע, פולווערטיקע שורעס וועגנ בי־רעבידזשאנ. דו דערפילסט נאָכאמאָל דעמ עכטנ פרײַז פונ גוטער דיכטערישער נאַ־טירלעכקײַט.

מײַנ גרויסער פרײַנט, פיר דורכ דײַנ שפור
צומ כוואליעדיקנ טײַכ אמור,
אונ, ווי א נעצ, פארוואָרפ דעמ אויג
צומ שווערנ, שהימענדיקנ רויג;
צומ שוימענדיקנ רויטנ קעט—
זײַנ לײַב איז זילבערדיק אונ פעט...
א גאנצער פאנצער ליסקעס בלענדט,—
שטעכ דורכ דעמ קעט מיט דײַנע הענט...

דאָס זעלבע דארפ מענ זאָגנ וועגנ א גוטער, ווירקנדיקער ליד אפ אנ אינטי־מער ליבע־טעמע „דו ווערסט זיכ אינ מיר טויזנט מאָל אנטוישנ“, אָדער וועגנ דער ליד „רויטער פלאָטיסט“, אונ קוידעמקאָל, וועגנ דער אויסגעצייכנטער „ליד פונ אינדישע אופשטענדלער“. באמערקט, סארא הויכער מענטשלעכער געפיל שלאָגט דאָ אינ די דאָזיקע שורעס, אינ אָט דער צאָרנדיקער ווענדונג פונ די אינדישע אופשטענד־לער צו דער „הערשערנ פונ יאמענ“—בריטאניע:

דו האָסט אונדז צעבראָכנ,
מיר זײַנענ נאָכ טעמפ,—
מיר שניצנ דיר, ענגלאנד,
דעמ סײַערנ דעמב.
צונעזאָגט האָסט אונדז
א גאָרטנ, א הויז.
נו, ברויז, אונדזער ווייטעק,
נו ברויז זשע, נו ברויז.

נאָכ אָט די דאָזיקע שורעס ווילט זיכ גלויבנ, אז הארצמאנס פארכאפנ זיכ מיט אבסטראקטער שטאמלערײַ אינ א רײ לידער איז נאָר א צײַטווײַליקע אָפּווענדונג פונעמ ריכטיקנ, פרוכטבארנ וועג, אפ וועלכנ ער האָט זיכ געשטעלט אינ א גאנצער רײ בעסערע לידער פונ „גוטמאָרגנ, מײַנ לאנד“. פאָרזעצנ דעמ דאָזיקנ וועג איז הארצ־מאנס כויוו.

אזוי באשטייט עס מיט הארצמאנס „ראָמאנטישער דערהויבנקײַט“. קלאָר, אז אליינ אונ פאר זיכ, ווי א שעפערישע אײַנשטעלונג, קענ זי ניט ארויסרופנ קיינ דערווידערונגענ, אָבער דאנ, ווענ זי ווערט אויסגעדריקט אבסטראקט ריטאָריש, ווענ זי איז פייִק צו ארכאיִזירנ די סאמע ווײַרהאפטע, לעבעדיקסטע טעמע, דאנ ווענ זי שטעלט זיכ, ווי א וואנט צווישנ דעמ דיכטער אונ דער דאָזיקער טעמע—דאנ הויבנ מיר אָנ שטארק צווייפלענ אינ איר נויטווענדיקײַט.

דאָס זעלבע דאַרף מען זאָגן וועגן הארצמאַנס „סקולפּטורישער רעליעפקײַט“ פון פערז, וועלכע עס צייכענען אָפּ קימאַט אַלע זײַנע קריטיקער. שוין אין הארצמאַנס ערשטן בוך „די צווייטע יוגנט“ (1931 יאָר) איז געווען אַ גאַנצער ציקל „בראָנז“. אין „מיר—די זין“ (1932 יאָר)—דער זעלבער אַבסטראַקטער בראָנזע-מאָטיוו.

בא אונדז איז ווייניק מעש און אײַזן,
נאָר בראָנזע קלײַבט זיך אונטער הויט.

אינעם לעצטן בוך „גוטמאָרגן, מײַן לאַנד“ קומט פאָר אַ וואַרשײַנלעכער איבערגאַנג פון סקולפּטור צו דער אויסנוצונג פון אַ גאַנצער ריי מאָלערישע מיטלען. צ. ב. אין דער ליד „עס גייט מײַן דאָר“. מאַרשירנדע קאָלאָנען, אַ רעגן פון בעז, אָרקעסטערס... אָבער, אין דער דיכטונג איז אומגעהויער גרויס די ספּעציפישע וואָג פון איר גרונט-מאַטעריאַל, פונעם וואָרט, און ווי פרוכטבאַר עס זאָל ניט זײַן הארצמאַנס פרווו צו אויסנוצן אייניקע מיטלען פון שכײַנעסדיקע קונסט-מינים, וועט עס פאַר קיין פאַל ניט קענען קאָמפּענסירן די אָפּוועזנהײַט פון אופמערקזאַמער באַציִונג צום וואָרט.

אַזוי, צ. ב., איז די גרעסערע „בוריאַנישע באַלאַדע“ פול מיט טויטע דיכטערישע שטאַמפּן: „אין אַטאַקע לײַבער פלייצן אין פאַרקניפּטע קנוילן“.

די דאָזיקע נאַכלעסיקע באַציִונג צום וואָרט איז פאַראַן אין אַסאַך לידער פון „גוטמאָרגן, מײַן לאַנד“. אין דעם ציקל „אָט איז“ טרעפן מיר אַזוינע שורעס:

מיר לעבן אַ טאָג, אַ יאָרהונדערט די גרויס,
יאָרהונדערטער זײַנען מינוטן,
און אין שאָס פונעם פײַנט איז מײַן מעכטיקײַט בלויז (?)
אין האַרצ פליסן שטורמיש די בלוטן.

אַלזאָ, הארצמאַנס ביכל „גוטמאָרגן, מײַן לאַנד“, וואָס פאַרמאָגט אַ ריי קלאָרע, אידייִש-אָנגעזעטיקטע, אויסגעצייכנטע לידער, פאַרמאָגט אָבער וויכטיקע פעלערן. קוידעמקאָל דערפאַר, ווײַל דער פרווו טעמאַטיש צו באַנײַען אָפּגעטראָגענע דיכטערישע קליידער, דאָס ניט צוהערן זיך צו דער אַקטיווער פראַקטיק, דאָס אָפּערירן מיט שטאַמפּירטע, פאַרטיקע און קאָנאָניזירטע פאָרמען פון פערז מוזן אומפאַרמײַדלעך ברענגען צו שאַרף-נעגאַטיווע רעזולטאַטן. און דאָס איז ניט נאָר הארצמאַנס אויפגאַבע, נאָר די אויפגאַבע פון אַסאַך דיכטער אונדזערע—פאַרענדיקן מיטן פאָרמאַליזם, וואָס האָט געהערשט בענעגייע פראַגן פון דיכטערישער פאָרם, זוכן און געפינען די אַמערסטן טעטיקע פאָרם פונעם פערז. דער נײַטיקסטער און וויכטיקסטער באַדינג צוליב דעם—אופמערקזאַמער צוהערן זיך צום קאָל פון דער סאָציאַליסטישער טאָגטעגלעכקײַט.

א. רעזניק

# „ייִדן אָנ געלט"

## מײַקל גאָלד—„ייִדנ אָנ געלט"

(מעלוכע־פארלאג פונ ווײַסרוסלאנד. נאצ. סעקטאָר. פונ ענגליש—א. פלאטנער)

מארקס אונ ענגעלס האָבנ שטענדיק אונטערגעשטראָכנ די באזונדערקײַטנ אינ דער אנטוויקלונג פונ דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט אינ אמעריקע. מארקס האָט אינ זײַנ בריוו צו זאָרגע אינ 1891 יאָר אונטערגעשטראָכנ די צ י נ י ש ע פאָרם, לויט וועלכער עס אנטוויקלט זיכ דער אמעריקאנער קאפיטאליזם אונ אינ פארבינדונג מיט דעם די פארשקלאפונג פונעם ארבעטער־קלאס.

אמעריקע האָט צוגעצויגנ מיט אירע קלוימערשטע „דעמאָקראטישע" פרײַהײַטנ אונ מיט די קלײנבירגערלעכע פערספעקטיוונ פונ ארופארבעטנ זיכ אונ ווערנ א קאפיטאליסט. קיינ אמעריקע האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ א ריי עמיגראנטנ פונ פארשיידענע לענדער פונ אייראָפע, א גרויסער פראָצענט צווישנ זיי האָבנ פאָרגעשטעלט רוסישע, פוילישע, רומענישע ייִדנ, וואָס האָבנ פארלאָזט זייערע געטאָ־היימענ, זוכנדיק א רעטונג פונ די פּאָגראָמענ אונ יעזויִטישקײַט פונ דער צארישער זעלבסטהערשונג.

„די ייִדנ זײַנענ דאנ געלאָפנ פונ די פּאָגראָמענ אינ אמעריקע מיט טפילעס, מיט דאנקבארקײַט, מיט א הייליקנ גלויבנ פונעם נײַעם מיצרײַים אינעם צוגעזאָגטנ לאנד ארײַנ. געפונענ האָבנ זיי שוויצ־שעפער, שאנד־הײַזער". („ייִדנ אָנ געלט", ז. 6).

דער אײַזערנער געזעצ פונ קאפיטאליזם, וואָס באזירט זיכ אפ פריוואט־אייגנטום, קאָנקורענצ, ארבעטסלאָזיקײַט, פּאופּעריזאציע, איז אומגעוואקלט, ער איז גילטיק „אינ א מער צינישער פאָרם" אינ אמעריקע. די מערהײַט עמיגראנטנ זײַנענ אראָפּגעשלײַדערט געוואָרנ אפנ דעק פונ דער געזעלשאפט אינ די געטאָ־קווארטאלנ פונ אמעריקע, ווי דער ניו־יאָרקער קווארטאל איסט־סײַד, וועלכער איז אזוי גענוי באַשריבנ אינעם בוכ „ייִדנ אָנ געלט".

דאָס בוכ „ייִדנ אָנ געלט" צעזייט די אילוזיעס וועגנ אמעריקאנער „בורזשואזנ נאניידנ". דער גאנצער בוכ באווײַזט די אנטוישונג פונ דעם קלײנבירגערלעכנ עמיגראנט אונ דריקט אויס זײַנ טראגיזם.

„ייִדנ אָנ געלט" איז מער פונ אנ אווטאָביאָגראפישנ ראָמאנ. דאָס איז א מעמוארנ בוכ, וואָס כאפט ארום ברייטע לײַוונטנ.

די אווטאָביאָגראפישקײַט, די רעאלקײַט פונ די סיטואציעס צווינגענ דעם לייענער צו גלויבנ אינ די געשילדערטע סיטואציעס פונ גוואלדיקער אָרעמקײַט אונ צוזאמענ מיט דעם אויסגעלאסנקײַט, אומענטשלעכקײַט, כאַישע דורשט נאָכ געלט, קארגשאפט, טעמפּקײַט—וואָס דער קאפיטאליזם געבוירט.

מײַקל גאָלד װײַזט אינעם בוך די מאָראַלישע צעלייגונג פון דער אָרעמקײַט דורכ א פארשיידנארטיקער גאלעריי טיפּן מיט זייערע באשעפטיקונגען און אינטערעסן—דאָס זײַנען פּראָסטיטוטקעס, רעצידיװיסטן, סאדיסטן און ביכלאל פּאטאלאָגישע מענטשן.

אָט זעען מיר דעם מאסקיליש־געזאָנענעם באלעבאָס פונעם שאנד־הײַזל אלפאָנס הערי, װאָס רעדט אזוי כוצפּעדיק װעגן זײַנע מיידלעכ־פּראָסטיטוטקעס אינ א פּאָזע פונ א פילאנטראָפּ; פּײַפקע דער קארגער, „אָט דער זשארנער װי א הונט, דער געלער לונאטיקער, דער קאָשמאר פונ אָרעמקײַט". װאָס האָט געװאָלט װערנ א גרויסער געשעפט־מאנ אינ אמעריקע; מענדל בראָדיאגע, „װאָס שמאדט זיכ יעדנ טאָג און פאר יעדנ מאָל שמאדנ זיכ האָט ער געקראָגנ געלט, לעצטנס, האָט ער געקראָגנ א פּארנאָסע אינ א שונד־טעאטער; סעם קראװעצ—אָט דער גאנעװ האָט צוזאמענ מיט מײַקל גאָלדס טאטע געהאלטנ א שלייקעס־פאבריק און אינ א שיינעמ טאָג האָט ער אָנגעבלאָפט און איז אנטלאָפנ; לוּיס דער באנדיט, װאָס איז געװאָרנ „א נוצלעכ געװער אינ די הענט פונ די באלעבאטימ קעגנ די ארבעטער אינ דער צײַט פונ א שטרײַק און אינ די הענט פונ א פּאָליטיקאנער אינ דער צײַט פונ װאלנ" (ז. 108); דער שאָפער—„דער מעלאנכאָלישער ריז מיט א רויט פּאָנעם, װאָס פלעגט שטענדיק שלאָגנ די אייגענע װײַב; די פּראָסטיטוטקע מערינ—„די נאָכמיטיק־פּרימאדאָנע פונ דער איסט־סײַדער גאס"; לילי—זי איז געשטאָרבנ פונ דער קרענק, װאָס אפ דער איסט־סײַד רופט מענ עס „דער שװארצער סיפילים"... פארשיידענע טרעפּער, אָפּשפּרעכערנס—דאָס זײַנען אלצ מענטשנ, װאָס האָבנ שוינ זייער צוקונפט דערגרייכט, זיי זײַנען שוינ פארורטיילטע. דער אװטאָר באװײַזט אונדז די געשטאלטנ ניט אינ װערנ, נאָר אינ זייער זײַנ.

בא זאָליאנ זײַנען אזעלכע טיפּנ אויסגעטיילט אינ א באזונדער װעלטל, װי איזאָלירטע פונ דער געזעלשאפט; בא מײַקל גאָלדנ זײַנען אָט די טראגיש־אומגעקומענע עמיגראנטנ א פּויעל־יוױצע פונ דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט, װײַל ס'איז שווער זיכ פּאָרשטעלנ איסט־סײַד און ענלעכע צו אים קװארטאלנ אָנ אָט דעם גרונט־עלעמענט, װאָס באפעלקערט אים.

„פאר אונדז זעט איצט אויס איסט־סײַד, װי א דזשונגל, װו עס שװיבלט מיט װילדע כײַעס, װו עס װאקסנ מוכאָמאָרנ אינ א פאוסאמטער ערד, אויסװורפנ, קאָקאינִיסטנ, קינדער־כאפּער, אונטערצינדער און בײַטל־שנײַדער. (ז. 43).

באזונדערס ברייט, פול מיט שטייגער־בילדער װערנ געשילדערט אינעם בוך א ריי טיפּנ פונ דער יִדישער קלעריקאלער סוויווע: סאמויל דער שירעמ־מאכער, דער פירער פונ א קליינער כסידישער גרופּע; דער רעבע, װאָס די כסידים האָבנ אים אראָפּגעבראכט פונ אייראָפּע, דער סאדיסטישער רעבע רעב מוישע, װי דער אװטאָר כאראקטעריזירט אים, „אָט דער מענטש איז געװענ אנ אָפּגרעבצ, א גייענדיקער סימוואָל פונ דער אָפּשטארבנדיקער פרומער יִדישקײַט"; בערני—דער באָנציע שװײַג, װאָס װארט אפ מאָשיִעכנ; דער אופגעקומענער גוויר באָרעכ גאָלדפארב—דער אָנפירער פונ דער װילטעטיקער כעװרע פאר פארזיכערונג אינ כאל פונ קראנקהײַט; ביכלאל מיסנאגדים און כסידים. אהערצו קענ מענ נאָכ צוגעבנ די פּוילע קליינבירגערלעכע אינטעליגענטנ דאָקטאָר אקסעלראָד, דאָקטאָר סאָלאָװ.

דאָס זײַנען אלצ מענטשנ, װאָס טראָגנ אינ זיכ די ספּעציפיק פונעמ קליינעמ שטעטל, מיט באגרענעצטע אינטערעסנ, מיט אָפּגעלעבטע מיטלאלטערלעכע זיטנ אינ זייער ארט דענקענ. דער ברוּטאלער אמעריקאנער קאפּיטאליזמ האָט ניט געקענט ארײַנטראָגנ אינ זייער באװוּסטזײַנ קיינע קאָרעקטיװנ. פרוּװט צונעמענ אָט די גרויסע הימלקראצערס מיט דעם גרויסנ ראאש און טומל, װעט איר זיכ גלײַכ דערפילנ אינ, אנ איזאָלירטער סוויווע פונ א פארװאָרפענעמ שטעטלע. „קאסרילעװקע אינ ניו־יאָרק"—אזוי קענ מענ עס אָנרופנ מיט שאָלעמ־אליכעמס װערטער פונ

„מאָטל פּייסי דעם כאַזנס“. ניט דערפאַר, וואָס גאַנצ קאַסרילעווקע איז געקומענ קיינ אמעריקע, נאָר אינ ניו־יאָרק גופע האָט זיכ געשאַפנ אַנ אייגנאַרטיקער „קאַסרילעווקער נוסעכ“. אַפילע דער קאַסרילעווקער שאַמעס—באַסאַנט איראָניש שאָלעמ־אַלייכעמ—„מאַכט דאָרט אויכ אַ לעבנ“.

דאָ האָט זיכ געשאַפנ אַנ אייגנאַרטיקער סימביאָז פונ פּראָסטיטוציע אונ העכסטע גראַד לומפּישקייט אונ מערדערייענ, געקויפלט אַפ די עקזעקוציעס פונ די פרומע ייִדנ, וואָס זײַנענ באַפאַלנ אַ לעווײַע פונ אַ ייִדיש מיידל, וואָס האָט כאַסענע געהאַט מיט אַנ איטאַליענער; אָדער די שווערע ווונדנ, וואָס די כסידימ האָבנ געגעבנ די אַפּיקאָרסימ פאַר אַ דעמאָנסטראַציע אומ יאָמקיפּער פאַר דער שול.

אומזיסט האָבנ די קו־קוקס־קלאַנער (אַמעריקאַנער שוואַרצמייעדיקע אָרגאַניזאַציע) געוואָלט דערווײַזנ, אַז די אַלע גוואַלדטאַטנ אונ מערדערײַענ שטאַמענ פונ אייראָפּע. אָט די אַלע ווילדקײַטנ האָבנ געפונענ אַ פרוכטבאַרנ באָדנ אינ דער אַמעריקאַנערווירקלעכקײַט, ווי אַ רעזולטאַט פונ הונגער אונ נויט: „מערסטנטייל זײַנענ די פּראָסטיטוטקעס געווענ אַזעלכע מיידלעכ, וואָס דער הונגער האָט זיי געטריבנ צו דער פּראָפעסיע“. (ז. 21).

ס'איז ניט צופעליק דאָס, וואָס אַ באַדײַטנדיקער טייל פונ דער קליינבירגערלעכער עמיגראַציע, קומענדיק קיינ אַמעריקע, האָט זיכ אויסגעלײַדיקט, איז געוואָרנ אַמאָראַליש, האָט זיכ אַרײַנגעלאָזנ אינ אַבערגלויבנס אונ ספּיריטיזמ. וועגנ דעמ אידייִשנ סאַכ פונעמ אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזמ האָט ענגעלס געשריבנ אינ די 80־טער יאָרנ, ווענ עס האָט זיכ אָנגעהויבנ די עמיגראַציע־כוואַליע קיינ אַמעריקע.

ענגעלס שרײַבט צו זאָרגע דעמ 29 נאָיאַבער 1886 יאָר פאָלגנדעס:

„אינ ערגעצ ניט אַפ דער גאַנצער וועלט אָרודעווענ ניט די בורזשויִענ אַזוי ציניש אונ טיראַניש, ווי אינ אַמעריקע, כאָטש זיי האָבנ ניט איבערגענומענ פונ אייראָפּע וועלכע ניט איז מיטלאַלטערלעכע אַנשטאַלטנ. נאָר דערפאַר האָבנ זיי פונ דאָרטנ אַרויסגעפירט אַ מאַסע מיטלאַלטערלעכע טראַדיציעס, רעליגיע, די ענגלישע געוויינלעכע (פעאָדאַלע) רעכט, אַבערגלויבנ, ספּיריטיזמ, מיט איינ וואָרט, טאַרשיידענע אומגעלומפּערטקײַטנ, וועלכע האָבנ אומיטלבאַר דעמ האַנדל ניט געשטערט, נאָר זיי נוצנ אַפ פאַרפינצטערנ די מאַסנ“.

אַלס אילױוסטראַציע צו דעמ קענ דינענ די אַטמאָספער פונ אַבערגלויבנס אונ מיסטיק, מיט וועלכער עס זײַנענ אַרומגערינגלט מײַקל גאָלדס טיפּנ, וואָס איז די איינציקע גײַסטיקע שפּײַז זייערע.

רעב סאַמויל דערציילט אַ פאַרשפּרייטע ייִדישע לעגענדע „וועגנ אַ מיידל, וואָס דער דיבוק איז אַרײַנ אינ איר בויכ“. (ז. 11).

די מוטער דערציילט, אַז זי האָט אַליינ געזענ, ווי דער דיבוק איז אַרײַנ אינ אַ הונט (ז. 11); עמעצער דערציילט וועגנ אַ טראָגעדיקע פרוי אינ רוסלאַנד, וואָס האָט זיכ דערשראָקנ פאַר אַ קאָזאַק אונ האָט געבוירנ אַ קינד מיט אַ כאַזערשנ קאָפּ. (ז. 12).

לייכנער דער מוליער דערציילט—„די שיידימ האָבנ אָנגעטאָנ צאָרעס. דער רעבע האָט אימ פאַר אַ פײַנעמ פּרײַז געגעבנ זעקס שפּרוכ־ווערטער, די שפּרוכ־ווערטער פלעגט ער אַזוי לאַנג זאָגנ, ביז די ניט גוטע זײַנענ אָפּגעטראָטנ“, אונ נאָכ אונ נאָכ.

אָט דאָס איז דער קרײַז אינטערעסנ, וואָס פאַרנעמט זיי אינ דער פרײַער צײַט.

מײַקל גאָלדס טאַטע האָט געקענט אינ די אָוונטנ וואָכנווײַז זיצנ מיט זײַנע כאַווײרימ מוליאַרעס אונ זיי דערציילנ מײַסעס פונ טויזנט אונ איינ נאַכט אונ וועגנ טערקישע ריזנ מיטנ גאָלדענעמ בער, דאָס איז געווענ אַ מיטל צו אַנטלויפנ פונעמ שרעקלעכנ הײַנט.

ער איז געקומענ קיינ אמעריקע, פול מיט האָפענונג, זוכנ נײַע ראָמאנטיק, „זענ אָט די הימלקראצערס, דעם ניאַגארער וואסערפאל מיט די רעגנבויגנס“, אָבער גיכ איבערצײַגט ער זיכ, אז „אמעריקע איז ניט קיינ לאנד פונ פארגעניגנס, נאָר א לאנד פונ אייביק אײַלנ זיכ אונ יאָגנ די נעשאָמע“ (ז. 82). דאָס אמעריקאנער לעבנ האָט אים גיכ אײַנגעבראָכנ.

אינ אָט דעם טאטנס לאגע איז אויסגעדריקט דער גאנצער טראגיזם פונ די אראָפּפאלנדיקע עמיגראנטנ.

פונ דעם גאנצנ שלאָל טיפּנ, וועלכע זײַנענ געשילדערט אינעם ביכ, טיילט זיכ אויס ווי א שטראל פונ ליכט—די מומע לענע. איר האָט דער שרײַבער איבערגעגעבנ זײַנע בעסטע, צארטסטע געפילנ. זי איז די פארקערפּערונג פונ אומשולדיקײַט, ריינקײַט, עמעסדיקײַט. אינ איר דערפילנ מיר שטריכנ פונ א פראָלעטארישער פרוי. אינ דער ווײַטערדיקער האנדלונג דערוויסנ מיר זיכ, אז, ארבעטנדיק אינ שאָפּ, האָט זי זיכ פארבונדנ מיטנ שטרײַק אונ „אז איר מאנ איז איינער פונ די שטרײַק־אָנפירער, ער איז אצינד ארעסטירט אונ זיצט אינ טורמע“. ס'איז נאָר צום באדויערנ, וואָס די מומע לענע באווײַזט זיכ צום סאָפ פונ זײַנע מעמוארנ.

מײַקל גאָלדס טאטע האָט כראגיש פארענדיקט זײַנ לעבנס־וועג. דער אווטאָר האָט נאָכנ שווערנ לעבנס־וועג געפונענ דעם ריכטיקנ וועג—דאָס איז די רעוואָליוציע.

„אָ, פראָלעטארישע רעוואָליוציע! דו האָסט מיר געבראכט האָפענונג“. דער דראנג צו דער רעוואָליוציע האָט אים געבראכט צו אָפּטימיזם, האָפענונג, דרייסטקײַט.

אינ די אלע געשטאלטנ, וואָס דער שרײַבער באווײַזט, געפינט ער גענוג שטאָפּ אָפּ צו כאראקטעריזירנ זיי. גרויסע מענטשנ־ליבע אונ מיטגעפיל ווײַזט דער אווטאָר ארויס צו די סאמע דערשלאָגענע אונ נידערגעפאלענע. דאָכ האָט דער אווטאָר ניט אויסגעשעפּט דעם גאנצנ קוואל טעמעס, וואָס ווערנ באריכט אינעם בוכ.

יעדער קאפיטל פונעם בוכ איז פאקטיש אנ אָנהויב פונ א גרויסער טעמע וועגנ סאָציאַלער דערנידעריקונג. א ריי געשטאלטנ, וואָס פיגורירנ אינ זײַנ בוכ, זײַנענ פארברייטערט אונ פארטיפּערט אינ א ריי זײַנע אנדערע ווערק.

אָט צ. ב. אינעמ קאפיטל „די נעשאָמע פונ א הויז־אייגנטימער“ ווערט באשריבנ דער הויז־אייגנטימער מיסטער צונזער, וואָס איז געווענ אבערגלויבעריש, זײַנ גרעסטע שרעק איז געווענ—טאָמער ברעכנ זיכ ארײַנ צו אים באנדיטנ אינ מיטנ דער נאכט, נעמענ בא אים צו דאָס געלט אונ דערהארגענענ אים“ (ז. 196). אזא געשטאלט ווידמעט מײַקל גאָלד זײַנ קאָמעדיע „קאַראָל ווילי“. אָט דער קאַראָל ווילי האָט אויכ מוירע געהאט פאר טויט אונ זיכ געבוקט פאר געלט (זע, אנ אויסצוג פונ דער קאָמעדיע אינ זשורנאל „זא רובעזשאָמ“ נומ 3, 1937 יאָר).

דער באנדיט לויס איז מער פּסיכאָלאָגיש פארטיפערט אינ דער דערציילונג „דער פארשאָלטענער אגיטאטאָר“, דאָרט פיגורירט דער פארעטער ראמבאָ. באזונדערס זײַנענ די ארבעטער־טיפּנ געשילדערט אינעם ראָמאנ „120 מיליאָנ“.

מײַקל גאָלד געהערט צו דער פראָלעטארישער גרופּע פונ די אמעריקאנער שרײַבער.

די איבערזעצונג איז אנ אײַנגעגעבענע, זי לייענט זיכ גוט.

דער פארלאג האָט גוט געטאָנ, וואָס ער האָט ארויסגעגעבנ דעם בוכ אינ יידיש.

---

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטאָר: איזי כאריק.
רעדקאָלעגיע: ז. אקסעלראָד, אי. אָשעראָוויטש, אָ. בער, אי. כאריק,
מ. קולבאק, ל. ראָזענהויז.

באשטעלונג 567. דרוקעריי א. ג. סטאלינ. גלאוויליטבעל נומ. 264.

# З М Е С Т

פרײַז 1 ר. 50 ק.

# ШТЭРН
## (ЗОРКА)
Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс



ВЫДАННЕ
„Окцябр"
Менск, Рэволюц. вул., 2.